יודישע

# פאלקס־צייטונג

Krakau, 7 Jänner 1903. — № 2. — קראקוי, ה׳ טבת תרס״ג.



אינהאלט: נישט זיכערע זיכערקייט; ד״ר ה. ד. הורוויץ. די יודען אין סיביר; א. הירשהארן. — פאליטישע ענינים. — נייעס פון דער וואך: I וועלט נייעס, II יודישע נייעס. — יצחק בן ליב אשכנזי. — נאהענט אונ וויט: בעל הבת׳שע ציוניסטען; אמת. — ווענ בילדער; שלום אש. — דער אפטימיזמוס ביי יודען; ד. פולס. — קריטיק: פונ׳ם שאול תחתיה; ד״ר ז. ביהאווסקי. — פאלקס־געזונדהייט; ש—ג. — ליטעראטור אונ קונסט. — יודישע פרויען־וועלט: I אלגעמיינע נייעס; II יודישע נייעס. — ליעבען אונ לעבען; מיכל וועבער. — מודעות.

פעליעטאן: יאזעפ אין דער יודישער גאס; אברהם רייזען.

צווייטער יאהרגאנג. **Jüdische Volks-Zeitung** Nr. 2.

יודישע

# פאלקס-צייטונג

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



אבאנאמענטס-פרייז:

עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר, 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: בײם אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 10 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 50 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

Krakau, 7 Januar 1903. Nr. 2. קראקוי, ח' טבת תרס"ג.

## נישט זיכערע זיכערקייט.

א.

קיין מאל אין דער מענשליכער געשיכטע איז דאס לעבען נישט געוועזען אזוי אונרוהיג און נישט-זיכער, ווי אין היינטיגע צייטען. נעמט אפילו דעם גרעסטען עושר, דעם גרויסען באנקיער אדער פאבריקאנט, וועט ער אייך נישט זאגען, אז ער איז שוין גאר זיכער מיט זיין פארמעגען, ווארום יעדען טאג זעהען מיר טאקי אזעלכע פאקטען, אז גרויסע גבירים ווערען פלוצלינג באנקראט און בלייבען ארעמע לייט.

פון מיטלערע און קלענערע בעלי-בתים, הן סוחרים, הן בעלי-מלאכות, איז שוין גאר קיין רעד נישט: זיי זענען מיט זייער פרנסה געוויס ווייניג וואס זיכער און זייער גאנצער פארדיענסט איז ווי אמין לאטעריע-שפיעל, ווי עפיס א גליק-זאך, וואס געווינט אמאל און אמאל פארליערט עס אויך: ווי אפט בלייבען די בעלי-מלאכות אהן מלאכה, די קליינע סוחרים-אהן געשעפט, און ווייסען נעבעך אליין נישט, ווי זיך צו העלפען, ווי צו פארזיכערען זייער הכנסה, זייער קיום.

פאר וואס אבער זענען דווקא היינטיגע צייטען אזוי אונרוהיג, אזוי נישט-זיכער געווארען? איז אפשר היינט בכלל די פרנסה ווייניגער אדער די ארבייט שלעכטער געווארען? דאס קענען מיר געוויס נישט זאגען. אדרבה: פרנסה האט מען היינטיגע צייטען מעהר, די ארבייט איז געוויס בעסער, ווארום די מענשען זענען א סך קליגער און געבילדעטער געווארען, זיי נוצען בעסער אויס אלע כחות פון דער נאטור, זיי געברויכען אצונד „מאשינען“, וואס שפארען איין פיעל ארבייט און געבען ארויס בעסערע פראדוקטען, — דאס מענשליכע לעבען איבערהויפט איז פרייער, שענער, איידעלער געווארען, — און ביי דעם אלעם, וועט קיינער נישט בעריהמען זיך, אז היינטיגע מענשען זענען גליקליכער ווי די פריהערדיגע דורות, ווארום באמת פעהלט זיי דער עיקר פון גליק: דאס איז רוהיגקייט און זיכערקייט. און עס איז דאך קלאר, דאס דער מענש קאן זיך נישט גליקליך שעצען, ווען ער ווייסט נישט, צי וועט ער מארגען, האבען חיונה, ברויד און ארבייט...

די סבה פון דער היינטיגער אונזיכערקייט ליגט אין דעם, וואס דער יחיד, דער איינציגער מענש, איז אין זיין געוועהנליכען עקאנאמישען לעבען כמעט ווי אבגעטיילט פון דעם כלל, פון דער גאנצער געזעלשאפט. יעדער פון אונז לעבט פאר זיך, זוכט זיך פרנסה, האנדעלט אדער ארבייט אויף אייגענע אחריות, ער פרעגט ביי קיינעם קיין עצות נישט, וואס און ווי צו טהון. קיינער זאגט איהם אויך קיין דעה נישט און דערפאר זארגט אויך קיינער נישט פאר איהם, און געהט איהם דאס וועלטל נישט גוט, איז ווייטער קיינער טאקי נישט שולדיג, נאר ער אליין.

נעמט, כדומה למשל, היינטיגע סוחרים: פאר וואס מאכען זיי אזעלכע אדער אזאלכע געשעפטען? איינער גרינדעט א טוך-פאבריק, דער אנדערער מאכט אין א גאווינע — א קראם, אדער איין אנדער מין עסק; ווייס דען בשעת מעשה יעדער פון זיי, אז די געזעלשאפט, די קונים, הייסט עס, ברויכען טאקי זיין געשעפט, קענען אהן דעם נישט אויסקומען? קלערט ניט ווער פון זיי וועגען די נוצען פון אנדערע מענשען? אדער האבען איהם אפשר אנדערע מענשען געבעטען וועגען דעם, איינגעשטועסט צו גרינדען אזא מין פאבריק אדער אזא קראם? באמת ביי היינטיגע צייטען, אז עמיצער וואלט וועלען דעם סוחר געבען איין עצה — צי וואלט ער דאס קענען? ווייסט מען דען איצט אקוראט, ווער, וואס און וויפיעל פראדוקטען ברויכט די געזעלשאפט? קאן מען דען זאגען אקוראט, וויפיעל פאבריקען אדער קראמען דארף די אדער יענע שטאדט, די אדער יענע געגענד? געוועהנליך, זעהט מען, אז איינער און דער אנדער קרעמער, דער אדער איין אנדער פאבריקאנט האט פרנסה, לעבט זיך, און ווער רעדט, אז ער האט נאך פרנסה בשפע, לעבט, ווי מען זאגט, אין רחבות, אזוי חאפען זיך צעהן אנדערע פאר דעם זעלבען עסק, און פרובט איינעם פון זיי זאגען, אז מען צעפטר'ט בידים א גוט געשעפט, אז עס קומען אריין

אין דעם אייגענעם געשעפט נייע, אפשר איבריגע קאנקורענטען, און מען מאכט עס צו קויט און צו בלאטע, וועט איהר טאקי באלד דערויף בעקומען די קורצע תשובה: „וואס האט איהר מיר צו זאגען פאר א דעה? וועט איהר מיר אפשר געבען חיונה? וואס זייט איהר פאר א רבי שמעלקע אויף מיין געלד מיט מיין ווילען? וועל איך פערדינען, וועט איהר פון דעם געוויס נישט האבען, און אויב איך וועל, חס ושלום, אנווערען, וועט איהר פון אייער קעשעניע ניט דערלעגען”. און דער, וואס וועט אייך אזוי ענטפערן, וועט געוויס גערעכט זיין, ווארום די געזעלשאפט זארגט היינטיגע צייטען נישט פאר דעם יחיד און לאזט איבער דעם גורל פון יעדען איינציגען מענשען אין זיינע אייגענע הענד.

די אייגענע מעשה, געהט צו אויך אין אנדערע צווייגען פון מענשליכע פרנסות. דער בעל מלאכה נעמט זיך צו דער אדער צו יענער מלאכה, חאטש ער ווייסט נישט, צי דארף מען נאך בעלי־מלאכות, צי איז שוין אפשר אהן איהם נישט דא פיעל איבעריגע בעלי מלאכות פון איין פאך. מען ווארפט זיך אויף בילדונג, אויף שטודירעניש, חאטש אפטמאל האט אויך דער געשטודירטער קיין מיטעל נישט צו פערדיענען מיט זיין בילדונג די נייטיגע מיטעל פון זיין לעבען. דער בונד צווישען דעם איינציגען מענשען און דער גאנצער געזעלשאפט איז — אין עקאנאמישען לעבען — גאנץ שוואך, און מחמת דעם שאקעלט זיך אזוי דער יסוד פון יעדען מענשענס לעבען און קיינער האט נישט קיין זיכערע שטיצע, קיין גאראנטיע פאר זיין קיום אין דער גאנצער געזעלשאפט מיט איהר קאפיטאל און ארבייט.

ווארום אין גרונד גענומען איז נאר דער איינציגער מענש, פאר זיך אליין בעטראכטעט, אזוי אונזיכער אין זיין עקסיסטענץ. די גאנצע געזעלשאפט, אדער א גאנצעס לאנד אדער א גאנצעס פאלק למשל, איז זיך גאנץ זיכער און גאנץ רוהיג, ווארום נאר איינציגע מענשען ווערען פון רייך ארעם, פון ארעם רייך, די היינטיגע געזעלשאפטען בכלל, בפרט די פעלקער פון אייראפא, ווערען פון יאהר צו יאהר רייכער, שטארקער און זיכערער. ווארום די מענשליכע ארבייט, ווי מיר האבען שוין געזאגט, ווערד בכלל פון יאהר צו יאהר בעסער און די מענשליכע הערשאפט איבער דער נאטור — אלץ גרעסער, ברייטער און געוואלדיגער.

שטאלץ און פריי איז דער היינטיגער מענש אין זיין ארבייט און אין לעבען. אבער פאר זיינע פרייקייט צאהלט ער זעהר טייער: ער גיט פאר דעם אוועק דאס גליק פון רוהיגקייט און זיכערקייט...

און נישט נאר דער מענש, וואס האט די בחירה, דעם אויסוואהל, קאן ביי קיינעם נישט מאהנען, אז איהם טרעפט איין אונגליק, אפילו די פאמיליע פון דעם מענשען, טהיילמאלס קליינע קינדער, וואס זענען געוויס נישט שולדיג אין דעם פאטערס פעהלער, אויך זיי באצאהלען מיט זייער גליק, מיט זייער צוקונפט פאר דעם פאטערס „אשיבקעס”, אריבערפאלענישען, פאלשע חשבונות אין געשעפט און ארבייט. די אונשולדיגע פאמיליע מוז פיעל ליידען — פאר די פרייקייט פון איהר „בעל־מפרנס” און זי האט קיין רעכט נישט צו פאר־לאנגען, צו פאדערן וואס נישט איז ביי דער געזעלשאפט, אויב איהר לאגע ווערד א קריטישע און נישטא ווער עס זאל זיי מפרנס זיין.

עס שטארבט, למשל, דער פאטער, און די פאמיליע, וואס האט אפשר ביז איצטער געלעבט גאנץ גוט, בלייבט מיט אמאל אהן א שטיקל ברויט. וואס קענען די ארעמע אלמנה און יתומים טהון? מיט וועמען זאלען זיי משפטע'ן פאר זייער אומגליק? ווער זאל זיי אויסצאהלען? העכסטענס קענען זיי בעטען, אז מען זאל אויף זיי רחמנות האבען, אבער קומען מיט טענות און תביעות — האבען זיי קיין רעכט נישט, ווארום קיינער איז זיי גאר נישט שולדיג און קיינער האט קיין שולד אין זייער אומגליק.

געוועהנליך אבער האט די געזעלשאפט פארט רחמנות מיט עלענדע יתומים און מען העלפט זיי ווי נישט איז. ווי אבער, אז דער פאטער לעבט, איז אבער קראנק? ווי ווען דער פאטער איז געזונד

# פעליעטאן.

## יאזעפ אין דער יודישער גאס.

די יודישער גוי אין אונזער גאס איז געוועזן יאזעפ. איך הער, ווי איהר ווילט מיר פערריכטען א פעהלער און לייענען „יאזעף”. נאר האלט זיך איין, ליעבע יודען, חאטש דאס מאל און ווייזט ניט ארויס אין אלץ אייער חריפות—איך ווייס איהם און גדענק איהם נאר מיט דעם נאמען „יאזעפ” און נאר דיעזער נאמען איז מיר טהייער און אז איך דערמאהן זיך איצט אן איהם ווילט זיך מיר זאגען: זכרונו לברכה אדער וועניגסטענס עליו השלום... זייט עס מיר מוהל, ליעבע יודען...

ווען דער דאזיגער יאזעפ וואלט געבוירען ווערען ביי רייכע עלטערן, וואלט ענדיגען איין אוניווערסיטעט און א געלעהרנטער געווארען, וואלט ער זיך זיכער ביי אונז גערעכענט מחסידי „אומות העולם” און ניט וועניג יודישע שרייבער וואלטען פאהרען צו איהם מאכען איין „אינטערוויו” מיט איהם, אויסהערען זיינע הומאנע דעות וועגען יודען און יודענטהום און ניט וועניג פובליציסטען וואלטען ניט וועניג אר־טיקלען איבער איהם געשריעבען: יאזעפ און זיינע בעציהונגען צו יודען, און ווער ווייסט ווי ווייט זיין נאמען וואלט געקלונגען ביי אונז...

אז ער איז אבער נאר א יודישער גוי געוועזן, א חוטב עצים ושואב מים און איין ארבייטער פון אנדערע ארבייט ביי יודען, ווי עס וועט זיך ווייטער דערצעהלען, איז ער נאר געוועזן בעקאנט אין אונזער יודישער גאס און נאר דארט האבען זיינע דעות וועגען יודען געקלונ־גען, קיינער האט אבער ביי אונז ניט געהאט די העזה צו צולעגען יאזעפ'ן עפים א טיטול, וואס זאל אבשפיגלען זיינע געדאנקען וועגען יודען, נאר מיין פעטער ר' בער, א יוד א גרויסער למדן און א גרויסער פחדן, וואס דערזעהענדיג, אז א גוי געהט אין איין זייט גאס פלעגט ער איבער געהן אויף דער צווייטער זייט—אט נאר דער פעטער פלעגט האבען א כח צו זאגען אויף יאזעפ'ן, אז ער איז איין אוהב ישראל און אז דער פעטער איז געוועזן בעזונדערם אויפגעלעגט און יאזעפ'ס גוטע פריינדשאפט צו יודען פלעגט איהם בעזונדערם ריהרען, פלעגט ער נאך צולעגען:

— ווער ווייסט? עס קאן זיין, אז יאזעפ וועט האבען עולם הבא...

און מיינט ניט אז מיין פעטער ר' בער איז געוועזן אזא ותרן, איין אויסברענגער, וואס זאל טהיילען א ליאדע גוי עולם הבא. מיין פעטער האט נאר ניט געהאט אזא ברייט הארץ, וואס איז געוועזן אפילו נוגע אין עולם הזה, בפרט אין עולם הבא. וואס ער האט עס גע־האלטען פאר אמת'ע צדיקים.

דער פון קאן מען זיך שוין פארשטעלען, ווי ווייט יאזעפ האט

און פארדיענט אזוי אין גוטען מוטה ניט? דענסמאל איז טאקי זעהר שלעכט, ווארום זעהר אפט וויל א פיינערע פאמיליע נישט בעטען, ווארום איהר פאסט דאס נישט, אדער זי קאן נישט בעטען. ווייל זי איז צו איידעל, צו שטאלץ, אום נדבות צו בעטען...

טרויעריג, זעהר טרויעריג אין אפטמאל דאס לעבען פון דעם היינטיגען שטאלצען און פרייען מענשען!

* * *

ווי? קען מען פרעגען: האט דען דער היינטיגער קלוגער, געבילדעטער מענש, גאר נישט געזוכט קיין מיטלען, בכדי צו מאכען זיין לעבען פעסטער און זיכערער? איז דען נישט דא קיין מיטעל, בעסער צו פארזארגען דעם היינטיגען מענשען? איז דאס מעגליך?

ניין! דער היינטיגער מענש האט יא געפונען א מיטעל זיך א ביסל בעסער צו פארזארגען און צו בערוהיגען, און דאס מיטעל הייסט: „אסעקוראנץ־געזעלשאפטען". דאס מיטעל איז גאר, דאכט זיך, א פראסטער און א גאנץ גלייכער: מען צאהלט א געוויסע סומע געלד יעדעס יאהר אין א געוויסע פארזיכערונגס־געזעלשאפט, מען צאהלט על כל צרה שלא תבוא, פאר יעדעס אומגליק, פאר יעדע צרה — און אז דער פועל יוצא פון דעם איז, אז ווען עס קומט דערנאך איין אומגליק, מוז די געזעלשאפט אויסצאהלען א היבשע סומע געלד, וואס קאן געבען א מעגליכקייט ווייטער צו לעבען, ווייטער צו פערדיענען.

און דאך, אז מען קוקט זיך בעסער צו צי אזוינע אסעקוראנץ־געזעלשאפטען, זעהט מען, אז די זיכערקייט, וואס זיי געבען, איז נישט גאר א זיכערע. דער הויפט חסרון פון זיי איז דער, וואס אזוינע „געזעלשאפטען" זענען נישט בכח צו פארזארגען דוקא די ארעמערע קלאסען פון פאלק, דאס הייסט. די קלאסען, וואס ברויכען מעהר פון אלע פארזארגט צו ווערען.

לאמיר זיך אקארשט בעסער צו קוקען צו די אסעקוראנץ־געזעלשאפטען.

(פארטזעצונג קומט).

ד"ר ח. ד. הורוויץ.

# די יודען אין סיביר.

מיט עטליכע יאהר צוריק איז סיביר נאך געוועזען אב געשניטען פון די ערטער, וואו עס וואהנען דאס רוב פון אונזער פאלק און דאס יודישע לעבען אין סיביר איז אויך געוועזען גאר אנדערש אלס דאס לעבען פון יענע יודען וואס אין דער „טשערטא". דא אין סיביר האבען די יודען כמעט ניט געוואוסט פון ארעמקייט. די פרנסות זענען געוועזען גוט און יעדערער האט זיך פערדינט זיין שטיקל ברויט ברוח. וואס עס קומט פאר מיט זייערע ברידער אין אנדערע מקומות האבען זיי כמעט גאר ניט געוואוסט, און אז זיי האבען אמאל יא געלייענט אין א גאזעטע פון די יודישע צרות, האבען זיי שולדיג געמאכט טאקי די יודען אליין, וואס — נאך זייער מיינונג — קענען זיי זיך ניט איינלעבען מיט די איבעריגע פעלקער. דער סיביריאק האט גערעכענט דעם ניט־סיבירישען יודען עפיס פאר א מין ווילדע חיה אין משונה׳דינע לאנגע קליידער מיט לאנגע צוויי פאות און א שטריימעל אויפ׳ן קאפ מיט משונה׳דיגע תנועות און פערדארבענע חאראקטערען, וואס קוקען נאר יענעם אפ נארען און ווילען אליין גאר נישט טהון, אום צו פערדינען עהרליך דאס שטיקל ברויט און טאקי פאר דעם קאן מען זיי אין ערגיץ ניט ליידען און זיי האבען אזוי פיעל צרות.

שוין די לעצטע יאהרען האט זיך דאס רעדל איבער געדרעהט: די סיביריאקעס פיהלען שוין אויך דעם טעם פון די יודישע צרות, זיי ווייסען שוין אויך וואס עס הייסט: דא טארסט דו ניט וואהנען און דאס טארסט דו ניט טהון. די סיבירער אייזען־באהן האט געבראכט א סך סיביריאקעס אין אנדערע מקומות, וואו יודען וואהנען. און זיי האבען שוין געזעהען, אז אויך נישט־סיבירישע זענען ניט ליידיג־געהערס און פוילע מענשען, וואס ווילען גאר נישט טהון. זיי פיהלען שוין אויך דעם טעם פון ארעמקייט און נויט... דערפאר זעהען מיר טאקי, אז צום רעיון פון ציוניזם זענען שוין די סיבירער יודען מעהר צו געשטאנען, איידער צו די חובבי ציון. מיר קענען זאגען, אז די סיבירער

ליעב געהאט יודען און עס וועט שוין קיין וואונדער ניט זיין, וואס נאך זיין טויט, וויל איך איהם שענקען א בלעטל אין דער געשיכטע פון דעם יודישען פאלק. קנייטשט זיך ניט, ליעבע יודען; גלייבט מיר יאזעפ איז עס ווערטה. אויסער זיינע גוטע פריינדשאפט צו יודען, וואס דאס האט ער מיט גענוג ווארימע ווערטער ארויסגעוויזען, האט ער אונזער גאס פיעל געדיענט, פיעל נוצען געבראכט, ער האט אונז זיינע בעסטע כחות אוועק געגעבען...

אמת טאקי, אונזער גאס האט איהם געצאהלט פאר זיין „דיענען" אונז. יאזעפ האט געפיהרט זיין גאנצע הוצאה פון אונז און האט געלעבט גאנץ בעלי־בית׳יש, ער איז קיינמאל ניט ושעדנע געווען א שטיקל ווייצענס. אפילו אין דער וואכען ניט און האט געהאט א מזומנ׳ע קאפיקע אויך, אבער זיין גוטע פריינדשאפט צו יודען האט ניט דער־פון, חלילה, געשטאמט און מיר וואלטען שטארק געזינדיגט, ווען מען וואלט איהם געוועזען חושד זיין... יאזעפ איז ניט געוועזען קיין מאטעריאליסט, ווארום, אז ער וואלט וועלען גליקען זוכען, וואלט ער געפינען ניט ביי אונז אין גאס... ער איז געוועזען א געזונטער גוי, געהאט צוויי גרויסע גראבע הענד, וואס קיין ארבייט איז פאר זיי ניט שווער געווען, האט ניט „געטרונקען", אויסער אמאל פסח צייט א ביסל ווייז, וואס די גאס פלעגט איהם געבען אויף מארגען נאכ׳ן סדר... אזא גוי קריגט אויף זיך אלע מאל א בעלן, און די ארומיגע פריצים האבען טאקי אויף

איהם אויגען געווארפען און ניט איינמאל געוואלט איהם אפרעדען פון אונז און צונעמען איהם צו זיך פאר א פאראבעק, נאר יאזעפ האט געשפייט דערויף, ער האט אונזער גאס ניט געוואלט און ניט געקאנט פערלאזען און פלעגט ענטווערן, אז ער האט זיין אויסקומעניש ביי די יודען, ניט צו פערזינדיגען...

---

אין וואס איז בעשטאנען יאזעפ׳ס ארבייט פאר דער גאס?

יאזעפ איז געווען א מושלם אין אלץ: ער האט האלץ געהאקט, וואסער געטראגען, קיה און ציעגען אים שבת געמאלקען, די אויבענס געהייצט, די לייכטער אראבגענומען און פאר בעני, דער איינציגער „ריסטאקראט" אין גאס, וואס האט געהאט א פאר טויזענד רובל אייגענס און א גרויס שטערטיג ווייב, האט ער אויך שבת דעם סאמאוואר אנ־געשטעלט און פלעגט די ערשטע גלאז טהעע אויסטרינקען, לכתחילה פלעגט ער זיך בעריהמען מיט דעם כבוד, וואס ער האט ביי בעני.

— איין איידלער יוד! פלעגט ער איהם לויבען נאכדעם אין גאס—ער לאזט מיך ניט אוועק געהן, ביז איך זאל ניט אויסטרינקען א גלאז טהעע. זאל פריהער ר׳ בעני טרינקען, זאג איך,—ניין! ניין! זאגט ער, טרינק דו, פריהער, ניט אנדערש, יאזעפ!... איין איידלער יוד...

שפעטער איז אבער יאזעפ געוואהר געווארען, אז ניט פון איידעל־קייט גיט מען איהם ביי בענין די ערשטע גלאז, נאר צו ליעב א דין

יודען זענען כמעט אלע ציוניסטען, עס איז ניט דא קיין יודישע געמיינדע אין סיביר, וואס זאל ניט האבען איהר ציוניסטישע חברה. עס איז זעלטען צו געפינען א סיבירער יודען, וואס צאהלט ניט איין דעם שקל און אפילו דער וואס צאהלט ניט, איז ער אויך ניט קיין געגנער פון דעם רעיון; און ווען די ציוניסטישע ארגאניזאציע וואלט געווען בעסער, וואלט דער ציוניזם דא אין סיביר געשפיעלט גאר א גרויסע ראלע. נאר דאס איז טאקי דער חסרון, וואס די ארגאניזאציע איז ניט, ווי עס בעדארף צו זיין.

די הויפט סבה איז דאס, וואס דער ראיאן איז זעהר גרויס, און דער ראיאנער מורשה איז ניט ביכלת צו זיין אליין אין אלע פונקטען. ווען ער זאל קענען חאטש איין מאל אין יאהר בעזוכען אלע שטעדט, וואו עס זענען דא ציוניסטישע חברות. וואלט ער געזעהען אז אין איינינע חברות זענען די פרעזידענטען ניט קיין געניטע מענשען און מיט זייער פיהרונג ברענגען זיי ניט קיין נוצען, נאר שאדען דער ציוניסטישער אידעע. זיי זענען מדחה אזעלכע מענשען, וואס זענען אין גאנצען איבער געגעבען דעם רעיון און קענען און ווילען טהוען.

עס וואלט זעהר גוט זיין, ווען דער סיבירער מורשה זאל זיין אזא מענש, וואס זאל קענען האלטען רעדען אין יעדער פונקט, סיי אויף פראסט יודיש פאר דעם המון און סאי אויף רוסיש פאר די אינטעליגענציע. אזא פראפאגאנדע וואלט געבראכט פיהל נוצען אין סיביר און מיר וואלטען אפשר פטור געווארען פון אלערליי שלעפערס מגידים, וואס האבען געמאכט דעם ציוניזם פאר א מיטעל, בכדי ארויס צו שלעפען די עטליכע רו"כ, וואס וואלטען צו נוץ געקומען אויף אנדערע נייטיגערע זאכען.

ווי שלעכט עס איז דאס יודישע לערנען אין די חדרים אין דער "טשערטא", דאך געבען זיי ארויס ניט ווינציג לומדים, וואס ליעבען זייער פאלק מיט לייב און לעבען.

אין סיביר איז דאס אנדערש: דער רייכער מאן גיט אוועק זיין קינד אין גימנאזיע אדער צו א רוסישען לעהרער, דער ארעמאן גיט אוועק זיין קינד אין א יודישער שולע, אבער וואס וועט דאס קינד קענען יודיש פון אזא מין שולע? און קיין חדרים איז ניטא, וואו עס זאל זיך דער נאך דער לערנען חאטש אביסל יודיש.

דארום וואלט נייטיג געווען, אז אויף דער אספה זאל מען ניט אריבערלאזען די פראגע פון חדרים מתוקנים, בעזונדערס פאר די קליינע געמיינדעס, וואס קענען ניט האבען קיין אנדערע שולען.

עס איז זעהר שווער אראפ צו ברענגען א רעכטען יודישען לעהרער קיין סיביר, ווארום ניט אלע מענען וואהנען אין סיביר און די וואס האבען יא "פראוועס" צו וואהנען אין סיביר פערלאנגען זיי, מען זאל זיי צאהלען אזא געהאלט, אז די געמיינדע קאן אזוי פיעל ניט צאהלען.

איך גלויב, אז ווען די ציוניסטען ווען זיך נאר גוט בעמיהען קענען זיי אין עטליכע יאהר ארום האבען גוטע יודישע לעהרער. די ציוניסטען אין אדעסא אדער ווילנא זאלען גרינדען אזא אינסטיטוציע, וואס זאל ארויס געבען לעהרערס און יעדע סיבירער ציוניסטישע חברה זאל שיקען איינעם אדער צוויי קינדער אין דעם אינסטיטוט. פאר די קלענסטע חברה וועט ניט זיין שווער אויסצוהאלטען [1] קינד אויף איהר חשבון, און אוועק צו שיקען קינדער אהין לערנען זיך, וועלען זיך געוויס געפינען א סך בעלנים.

אזוי ווי אין סיביר איז איין יודישע געמיינדע זייער ווייט פון דער אנדערער און צווישען די ציוניסטען פון פערשידענע ערטער איז ניט פארהאן קיין שום פערבינדונג, דארום וואלט זייער גוט געווען ווען אלע חברות זאלען מרוצה זיין, אז אלע יאהר זאל זיין א ציוניסטישע אספה אין יעדער גובערניע.

א. הירשהארן.

---

(מיין פעטער בער דער למדן, דאכט זיך, האט עס איהם דערקלעהרט) און ער איז אביסל ברוגז'ליך געווארען. מיינט ניט חלילה, אז געשאלטען, געררופען זשיד, מאשעניק, ווי מען זידעלט א יודען אין אזעלכע פעלע. ניין, דערויף איז יאזעף ניט געווען פעהיג. ער האט נאר געמאכט א הערה, אז דער דין געפעלט איהם ניט. נאך זיין מיינונג קומט עס אוים: אבגענארט נאט... עס פערשטעהט זיך, אז זיין הערה האט קיין ווערטה נישט געהאט און האט קיין שום שלעכטע ווירקונג ניט געקאנט מאכען אויפ'ן שלחן ערוך'ס אווטאריטעט. דען זיין הערה האט געשמעקט אביסל מיט אייגען־ליעבע! דאס דארף אבער ניט ווארפען קיין שאטען אויף יאזעפס בעציהונגען צו יודען. ער איז דאך פארט נאר א יודישער גוי געווען, די טיעפקייט פון א יודישען דין האט זיין נשמה פארט ניט געקאנט בענעמען...

און אלע ארבייט פאר דער נאם האט ער ערפילט ערליך און יושר'דיג, און האט קיינמאל אונזער גאם ניט בעריסען, ווייל קיין מאטעריאליסט. ווי מיר האבען שוין געזאגט, איז ער ניט געווען, ער האט ליעב געהאט די ארבייט אליין און דערהייפט די, פאר וועמען ער האט געארבייט.

פאר א וואגען האלץ צעהאקען אויף דינע שייטלעך פלעגט ער נעמען א פעקעלע מאחארקע פאר צוויי קאפיקעס. דאכט זיך ניט טהייער?... נאר קיין עקספלאאטאציאן קאן עס אויך ניט הייסען, ווייל דערין האט מען זיך אין אונזער גאם ניט אזוי שטארק גענייטהיגט אדער ווי די עקאנאמיקער דריקען זיך אוים אויף זייער לשון: "דאס איז ניט געווען קיין אונמיטעלבארע בעדערפעניש"... יעדער בעל הבית אין אונזער גאם האט געהאט א האק, צי בירושה, צי אליין געקויפט, און יעדערער וואלט ווי עס איז אליין שפאלטען די האלץ. אלא וואס דען? אז יאזעף פלעגט פארביי געהן און דער זעהען, ווי א בעל הבית שטעהט אויפ'ן הויף און שפאלט האלץ און דאס שייטעל טאנצט און שפרינגט אונטער זיינע הענד און וויל זיך בשום אופן ניט אונטערגעבען, פלעגט ער זיך אבשטעלען, גוטהערציג צעלאכען זיך און אין ריין יודישען לשון, וואס ער האט עס גערעדט ווי זיין מוטערשפראך, פלעגט ער זאגען:

— עי, ר' חיים, ר' חיים! געה בעסער אין בית־מדרש אריין און זעץ זיך ביי'ן משניות און שפאלטען לאז מיך. צי אזוי שפאלט מען האלץ?... ווייז אהער די האק.

— אבער ניט טהייער, יאזעף.

— א קליין פעקעלע מאחארקע...

— נו, נו...

און יאזעף פלעגט נעמען די האק, בעשפייען די הענד, וואס ער האט עס נעהאלטען פאר א גרויסע סגולה און דער וואגען האלץ פלעגט זיך פערוואנדלען כהרף עין אין דינע שייטעלעך און די בעלי־הבית'טעס פלעגען הייצענדיג יאזעפען בענשען און בענשען...

# פאליטישע ענינים.

(די רייזע פון רוסישען מיניסטער גראף לאמזדארף. פראנקרייכ'ס צרות. איטאליע שטעהט צו פאר א שותף. רוזוועלט אלס פשרה מאכער).

די רוסישע רעגירונג האט זיך גענומען ערנסט צו דער מאקעדא-נישער פראגע. נאך די אזהרה, וואס זי האט וועגען דעם געשיקט צו דער טערקיי, האט זי אויך ארויסגעשיקט איהר מיניסטער דעם אייסערן, דעם גראף לאמזדארף, ער זאל די לאגע אין טערקיי פערבעסערען און צו דעם צוועק איז ער געוועזען אין וויען, וואו ער האט זיך פארגע-שטעלט פאר דעם עסטרייכישען קייזער פראנץ יאזעף. רוסלאנד וויל בעניייען איהרע פריינדשאפט מיט עסטרייך און קומען צו אהסכם בנוגע צו דער לאגע אויף דעם באלקאנישען האלב-אינזעל, אין איינעם מיט איהר ברענגען ארדענונג אין דער טערקיי, כדי צו דערהאלטען דעם שלום אין אייראפא. נישט איינמאל זענען שוין אויסגעבראכען מלחמות אין אייראפא מחמת די רדיפות, וואס די קריסטליכע איינוואהנער לייַדען אין טערקיי און אויך היינט שוועבט דער פחד פאר א מלחמה איבער אייראפא און רוסלאנד וויל דאס פערהיטען. די אזהרה פון דער רוסישער רעגירונג און די רייזע פון איהר מיניסטער האבען אפילו א ביסל געווירקט, די טערקיי האט זיך א ביסל שטארקער גענומען איינצושטילען די אונרוהען, אבער ווי לאנג עס וועט האלטען קאן מען נישט וויסען. אין אייראפא ווייסט מען שוין, וואס עס הייסט אין טערקיי מאכען ארדענונגען: מען ווארפט אראב איינינגע בעאמטע פון זייערע שטעלען, מען מאכט נייע, עס ווערד שטיל אויף א קורצע צייט און דערנאך הויבען זיך ווידער אן די אונארדענונגען און רדיפות.

די טערקישע רעגירונג איז צו שוואך צו מאכען גוטע תקנות און ארדענונגען אין איהר לאנד, וואס זאלען האלטען אויף תמיד, דאס ווייסט די רוסישע רעגירונג גאנץ גוט און איהר כונה מיט דעם שיקען איהר מיניסטער, איז זיך איין עצה צו האלטען מיט די אנדערע מלוכות, דערהויפט מיט עסטרייך, ווי צו פערהיטען, אז דורך די אונ-רוהען אין דער טערקיי זאלען נישט לייַדען די אנדערע אייראפעאישע מלוכות און דעריבער האט מען פארגעטראגען א פראיעקט צו שיקען נאך מאקעדאניע א קאמיסיע פון עטליכע מענשען פון איינינגע מלוכות, וואס זאל זעהען, ווי דארטען האלט דער צושטאנד און זוכען מיטלען, ווי עס צו פערבעסערען.

פון וויען איז דער גראף לאמזדארף געפאהרען קיין בולגאריע און פון דארט קיין סערביע. א חוץ עסטרייך, איז ער אין די אנדערע אייראפעאישע רעגירונגס-הויפעי נישט געפאהרען. דייטשלאנד האט זעהר קליינע אינטערעסען אין טערקיי, ענגלאנד האט איצט צו טהון פון אלע זייטען: דארט דארף זי זיך זיכערען מיט דעם נצחון אין דרום אפריקא; דא מוז זי אונטערדריקען דעם מולאה מיט זיין חיל און דארטען מוז זי שיקען איהר פלאטע מפיל אימה צו זיין אויף ווענעצועלא; פראנקרייך האט אפילו יא אינטערעסען אין טערקיי: זי וויל און קאן זיך אבער נישט מישען.

פראנקרייך וויל זיך נישט מישען, ווייל זי האט זיך איהרע היימישע צרות און פערשפארט זיי זוכען אין דער פרעמד. פראנקרייך האט זיך ערשט אנגעהויבען אויסצורוהען פון די פאנאמא- און דרייפוס-סקאנדאלען און זי האט שוין פרישע סקאנדאלען, נייע צרות, „צרות-הבת" פון די מאנאשקעס מיט זייערע שולען, פון מאדאם עמבער מיט איהרע מיליאנען-שווינדלען. זי מישט זיך אפילו נישט אין דעם סכסוך מיט ווענעצועלא און האט איהרע תביעות און טענות, וואס זי האט אויף איהר, איבערגעגעבען צו א משפט-שלום.

ליעב צו מישען זיך אין פרעמדע זאכען האט אבער איטאליע און איז דעריבער צו געשטאנען אלס שותף צו דייטשלאנד און ענג-לאנד צו סטראשענען ווענעצועלא און האט אויך איהר געזאנדטען ארויסגענומען פון ווענעצועלא און געשיקט איהר פלאטע צו בעלא-גערן, אדער ווי עס הייסט אין דער פאליטיק „בלאקאדירען" די האפענס פון ווענעצועלא.

זייט די מפלה, וואס איטאליע האט געהאט אין דער מלחמה

---

נאר דאס וואס ער פלעגט פאר א וואגען האלץ צעהאקען ניט בעגרייסען קאן מען טאקי זאגען, עס איז ניט געוועזען קיין נויט: מילא האבען די נאסינע בעלי-בתים ניט געקאנט, ווי ער, קינציג האקען, אבער דאך קאן מען זיך מיט האלץ ווי עס איז איין עצה געבען: העלפט אונטער דאס ווייב, איין עלטער בחור'ל — איינער האלט די האק מיט דער שארפער זייט אויפ'ן שייט האלץ, דער צווייטער קלאפט מיט נאך א שייט האלץ אויף דער טעמפער זייט האק און פריהער, צי שפעטער, די שייט האלץ האט דאך אויך איהר איידלקייט, אז צוויי יודישע נפשות מאטערן זיך איבער איהר א האלבע שעה, מוז זי זיך צעשפאלטען.

וואס וואלטען אבער די נאסינע יודען געטהון ווען יאזעפ וואלט אים שבת געהעכערט די פרייזען, וואלט ניט וועלען אויסהייצען שבת די אויבען אונטער א צעהנערל, פאר לייכטער אראב נעמען א זעכסער און פאר יעדער קליינע ארבייט אים שבת געריסען די הויט? שבת איז דאך שוין אלץ א נויט, אליין קאן מען עס ניט טהון און ער איז איינער אין גאס. די איבעריגע פאר גוים אין גאס זענען געווען רייכע בעלי הגופים, האבען געהאט איינענע ערד און חאטש א שטיקעל ווייסע חלה האבען זיי אויך ליעב געהאט, וואלט זיי דאך אבער דער האנער און די שנאה צו יודען ניט ערלויבט צו ארבייטען פאר יודען, ווער רעדט נאך מעלקען א קוה, צי א ציגע און הייצען אין אויבען.

אט אין וואס יאזעפ'ס זאסלוגע בעשטעהט. יאזעפ האט אפילו פאר שבת'דיגע ארבייט ניט געשטעלט קיין הויכע פרייזען, זיך קיינמאל ניט געבונטעוועט, ניט געמאכט קיין חלוק, צי האט איינער 8 לייכטער, צי ווער צוויי — אלץ איינס: פאר לייכטער אראפ נעמען: א קאפעקע מזומן מיט א שטיקעל חלה. מעגסט האבען טויזענד לייכטער און מעגסט האבען איינעם, דאס איז ניט מיין זאך, דאס איז א נאטס-זאך. פער-קעהרט ביי נחום דעם שוסטער, וואס האט געהאט א קראנק-ווייב און פיער הונגריגע קינדער, פלעגט יאזעפ קיין בארע געלד גאר ניט נעמען, ער פלעגט ביי איהם אבנעמען זיינע שכירות אסיען-צייט מיט צוויי גרויסע לאטעס אויף די שטיוועל און פלעגט נאך נחום'ען דאנקען און דאנקען, ווי ער וואלט איהם א נדבה געשענקט, חאטש ער האט די פאר לאטעס כשר פערדיענט ביי איהם.

און אז די קראנקע שוסטערקע פלעגט איהם אמאל שבת וועלען אבשניידען א שטיקעל חלה פון דער ארימער קליין-חלה, וואס איז געלעגען אויפ'ן טיש, פלעגט יאזעפ אויך דעם נסיון בייסטעהן. ער פלעגט קוקען אויף דער חלה און קוקען, דרעהען די וואנסען, ווי ער וואלט זיך געהאלטען מיט זיי איין עצה און פלעגט צום סוף א מאך טהון מיט דער האנד:

— ניין חיענע, בעהאלט דאס פאר די קינדער...

(ענדע קומט).

אברהם רייזען.

מיט דעם קעניג פון אביסיניע, האט זי איינגעזעהען, אז אויף איהר איינענעם חיל קאן זי זיך ווייניג וואס סומך זיין און שטעהט דעריבער צו צו אנדערע מלוכות, דער עיקר צו ענגלאנד. נאר ניט פאר איטא־ליע האט זיך דער ווענעצועלאנישער פרעזידענט קאסטרא דערשראקען, עס איז גענוג דאס חיל פון דייטשלאנד און ענגלאנד צו האלטען אין דער מורא אפילו אזא שטארקען כאראקטער-מענשען ווי קאסטרא.

פרעזידענט קאסטרא האט איינגעזעהען, אז זיין גבורה קאן נאר גילטען געגען זיינע פיינד אין לאנד, געגען זיינע שכנים אין אמע־ריקא, אבער נישט געגען צוויי אייראפעאישע רעגירונגען. ער האט אויך דערנאנגען, אז אויף דעם געזעץ, וואס דער שטאטס־מאן מאנ־ראע האט ארויסגעגעבען: „אמעריקא פאר אמעריקאנער", קאן ער ניט בויען, ווייל דאס געזעץ זאגט, אז נאר ווען א פרעמדע מלוכה וויל פון אמעריקא אבנייסען א שטיק לאנד, מוז אמעריקא געהן מלחמה האל־טען מיט יענע מלוכה, אבער נישט ווען די פרעמדע מלוכה מאכט נאר א בלאקאדע אויף דאס שטיק לאנד, כדי איהר צו שטראפען, זי זאל נאכגעבען די תביעות, וואס מען פאדערט פון איהר, ווי עס איז איצט דער פאל מיט ווענעצועלא. אמעריקא וועט מיט אייראפא צוליעב דעם קיין מלחמה נישט האלטען, און האט דעריבער באלד מסכים געווען אויף דעם פראיעקט, אז דער אמעריקאנישער פרעזידענט רוזוועלט זאל מאכען א פשרה צווישען זיי. ענגלאנד אבער וויל אנדערש ניט מסכים אויף דער פשרה, וואו זי וועט נישט זיכער זיין, אז ווענעצועלא וועט מקיים זיין די פשרה און דייטשלאנד האלט מיט ענגלאנד.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— ווי דער Варш. дн. מעלדעט האט מען שוין אין ווארשא איינגעפיהרט די נייע רייזע־פעסער, וועלכע מען גיט ארויס אויף דעם גאנצען לעבען און מען דארף פאר דעם פאס גאר ניט צאהלען

— אין ווילנא האט מען נישט לאנג אויסגעבויעט א קראנקען־הויז פאר נייסטיש־קראנקע (משוגעים), אין דעם דאזיגען שפיטאל זענען דא 1000 בעטלעך. דער בנין האט אבגעקאסט 1 מיליאן מיט 150 טויזענד רובל.

— די „חברה צו בויען בילינע דירות פאר ארבייטער אין ניי־פלאנד", האט געבעטען צו דעם צוועק א קרעדיט פון 10 מיליאנען רובל.

— דער רוסישער קייזער האט געשענקט 50.000 רובל פאר די פראוואסלאוונע אין אנדיזשאן.

— דער רוסישער שריפטשטעלער גראף ל. נ. טאלסטאי איז קראנק געווארען אויף לונגענענטצינדונג. די קראנקהייט איז געפעהרליך.

— אין פעטערסבורג ווארט מען אויף דעם בעריהמטען נאר־וועגישען שריפטשטעלער הענריק איבסען, וועלכער וועט זיין דער־ביי ווען מען וועט אין פעטערסבורג אויפפיהרען אויף דער סצענע אין טהעאטער איינע דראמען, וואס ער האט פערפאסט.

— אין די לעצטע וואך איז דורך אדעסא דורכגעפיהרט געווארען קיין אויסלאנד רוסישע תבואות: 1,430,000 פוד ווייץ; 387,000 פוד גערשטען און 245,000 פוד קוקורוזא.

## די זאכסישע קראנפרינצעסין.

— מיטוואך דעם 11 טען דעצעמבער האט די זאכסישע קראנפרינ־צעסין לואיזע אנטאניעטע אוועקגעווארפען איהר מאן, דעם קראנ־פרינץ פריעדריך אויגוסט פון זאכסען מיט איהרע 5 יונגע קינדער און איז אנטלאפען קיין אויסלאנד. די סבה, פאר וואס זי איז אנטלאפען איז, לויט ווי די דייטשע בלעטער שרייבען, א ליעבעס־אינטריגע. די קראנפרינצעסין, וועלכע האט איהר מאן 5 קינדער געבארען, פון וועלכע דאס יונגסטע איז נאך קיין צוויי יאהר נישט אלט, האט זיך מיט א דריי יאהר צוריק איינגעליעבט אין א פראנצויזישען לעהרער. און פון דענסט־מאל אן איז דער שלום־בית ביי דעם קראנפרינץ צעשטערט געווארען, שוין דריי יאהר, אז דאס זאכסישע פאלק רעדט אויף זייער קראנ־פרינצעסין, וועלכע זיי האבען אזוי שטארק ליעב געהאט, אז זי איז איהר מאן נישט מעהר טריי, און דעריבער האט איהר אנטלויפען נישט געמאכט אזא רעש, ווי עס האט געדארפט מאכען, דער וואונדער איז נאר גרויס, וואס איהר עלטערער ברודער, דער ערצהערצאג לעאפאלד פערדינאנד, האט איהר אויף דער רייזע בעגלייטעט און איהר מיטגעהאלפען אנטלויפען פון מאן.

פרינצעסין לואיזע אנטאניעטע איז געבארען אין 1877 און איז היינט 31 יאהר אלט. איהר פאטער איז דער גראסהערצאג פערדינאנד פון טאסקאנא. אין יאהר 1891 האט זי געהייראטעט מיט דעם זאכסישען קראנפרינץ פריעדריך אויגוסט.

די קראנפרינצעסין איז צוזאמען מיט איהר ברודער אין זשענעווא, אין דער שווייץ. די קראנפרינצעסין און איהר ברודער ווילען דורכ־אויס, אז איהר מאן קראנפרינץ פרידריך אויגוסט זאל זיך מיט איהר גט'ן, וואס דאס קאן נישט געשעהען אהן דעם ווילען פון דעם פאפסט, ווייל די קראנפרינצעסין מיט איהר מאן זענען קאטהאליקען.

ווייטערע ידיעות מעלדען, אז די קראנפרינצעסין און איהר ברודער האבען איבער געלאזען בריעף. די קראנפרינצעסין שרייבט אין איהר בריעף, אז זי וועט בשום אופן צו איהר מאן נישט צוריק קומען און דער ברודער שרייבט, אז ער איז מסכים אויף אלץ וואס די שוועסטער טהוט. ער האט זיך געווענדעט מיט א בריעף צום קייזער פראנץ יאזעף, מען זאל איהם אויסשליסען פון דער קייזערליכער פאמיליע, און ער זאגט זיך אב פון אלע זיינע שטעלעס אין מיליטער און פון זיינע עהרען־טיטלען.

דער קייזער פראנץ יאזעף האט איהם גלייך פון אלעם אויסגעשלאסען.

## די מיליאנען שווינדלער עמבער.

אין פאריגע נומער האבען מיר געבראכט די קורצע ידיעה, אז די שווינדלער־פאמיליע עמבער האט מען ארעסטירט אין מאדריד. מיר ברענגען דא אין קורצען די בעשרייבונג פון דעם מיליאנען־שווינדעל.

אין יאהר 1883 איז געשטארבען דער אמעריקאנישער מיליאנער ראבערט הענרי קראפארד, אזוי האבען די צייטונגען וועניגסטענס גע־שריעבען, זיין גאנץ פערמעגען, וואס האט בעטראפען מעהר אלס הונדערט מיליאנען פראנק, האט ער בצואה איבערגעלאזט דער פרוי עמבער. די צואה איז געשריעבען אין ניצא אין יאהר 1877. דאמאלס איז מאדאם עמבער נאך געוועזען אונפערהייראטעט און האט געהייסען ד'ארגניאק. עס פערשטעהט זיך, אז זייענדיג אזא רייכע יורש'טע האבען זיך אויף איהר געפונען א סך בעלנים און פון אלע איז געפאלען דער גורל אויף א געוויסען עמבער. אויף דעם סמך פון דער רייכער ירושה האט מאדאם עמבער געקויפט אויף קרעדיט א פאלאץ אין איינעם פון די גרעסטע גאסען אין פאריז, א גרויסארטיגען שלאס ביי מעלין און א לאנר־גוט.

אין דעם פאלאץ האבען זיך פאר דער מאדאם עמבער פאר־געשטעלט, לויט איהרע רייד, צוויי יונגע לייט, וואס האבען זיך אויס־געגעבען פאר פלעמיאניקעס פון דעם פערשטארבענעם קראפארד. די ביידע יונגע לייט, וואס א חוץ פאמיליע עמבער, האט זיי קיין שום

מענש נישט געזעהען, האבען געוויזען א צואה פון דעם פעטער קראפארד, וואס מאכט יעדען פון זיי פאר יורשים אויף א דריטעל פון זיין פערמעגען.

די ביידע קראפארד'ס האבען געזאגט, אז עס געהט זיי נישט וועגען דעם געלד, דריי אונ דרייסיג מיליאנען מיט א דריטעל האבען ביי אונז גאר קיין גרויסען ווערט נישט, מיר האבען אליין יעדער צו צוויי הונדערט מיליאנען, מיר ווייסען, אז דער פעטער אונזערער האט וועהר געוואלט זיך משדך זיין מיט דער פאמיליע ד'ארניאק אונ אזוי ווי די עלטערע שוועסטער טהערעזע ד'ארניאק האט שוין חתונה געהאט, זאל איינער פון אונז חתונה האבען מיט דער יונגערען שוועסטער מאריע אונ אז מאריע וועט איינעם פון אונז ביידען אויסקלויבען פאר א חתן, זענען מיר מוחל אונזער חלק ירושה. די יונגערע שוועסטער ד'ארניאק האט אבער קיינעם פון זיי נישט געוואלט אונ עס האט זיך אנגעהויבען א משפט צווישען מאדאם עמבער אונ די קראפארד'ס. דערווייל האט מאדאם עמבער זיך אנגעשאפט גאנצע גיטער אונ קייזערליכע בעל הביתישקייט, עס האבען נישט געפעהלט קיין לייה-אונ באנק הייזער, וועלכע האבען איהר געבארגט וויפיעל זי האט נאר אליין געוואלט. אין א משך פון 20 יאהר האט מאדאם עמבער געמאכט חובות אויף 40 מיליאנען פראנק, ביז סוף כל סוף האט זיך א בעל חוב פערגליסט מען זאל איהם ווייזען די קאסע פון די 100 מיליאנען אונ אז דאס געריכט האט געעפענט די 100 מיליאנען-קאסע האט זי דארט געפינען ווערט-פאפירען אויף 20 טויזענד פראנק, אייניגע זאכען וואס האבען א גאנץ קליינעם ווערט אונ אלטע צייטונגען. די שווינדלער זענען אבער אנטלאפען אונ ביז די לעצטע צייט האט זי די פאליציי אומזויסט געזוכט.

ערשט דענסטמאל האט מען זיך ארומגעזעהען, אז די גאנצע ירושה איז א שווינדעל, אז דער גאנצער משפט מיט די פלעמיאניקעס פון קראפארד איז איין אנשטעל, כדי מען זאל מעהר אמונה האבען אין די צואה אונ מען זאל זיי אויף דעם חשבון בארגען געלד.

מיט אפאר וואכען צוריק האט די פאליציי פון מאדריד געווארפען איין אויג אויף א פאמיליע, וועלכע האט געוואהנט אין זעהר א שענע דירה אין איינע פון די שענסטע גאסען אין מאדריד. דורך פאטאגראפישע קארטען האט די מאדרידער פאליציי דערקענט די שווינדלער-פאמיליע עמבער אונ איינס דעם זייגער ביינאכט האט די פאליציי בעוואכט דאס הויז, אז קיינער זאל נישט קענען ארויס. די דערשראקענע פאמיליע עמבער האט געוואלט ארויס דורך די פענסטער. עס איז זיי אבער נישט געראטען, דען די פאליציי זענען געשטאנען ארום הויז אונ האבען נישט געלאזט. צולעצט האט ראמאן ד'ארניאק געעפענט די טהיר אונ האט זיך באלד מודה געווען, אז דא וואהנט די פאמיליע עמבער, וועלכע מען זוכט אזוי שטארק. די פאליציי האט די גאנצע פאמיליע, דריי מאנסבילען אונ דריי פרויען, אוועקגעפיהרט אין אסטראג.

די ווערט-זאכען וואס מען האט געפונען ביי דער שווינדלער-פאמיליע בעטרעפט איין ערך פון 10,000 פעזעטען (א שפאנישע מטבע), מזומנע געלד האט מען געפונען נישט מעהר פון 2,275 פעזעטען, קיין פאפירען האט מען ביי זיי גאר נישט געפונען, מען איז זיי חושד, אז זיי האבען אלע פאפירען פארברענט, דען די פאליציי האט געווארט 20 מינוט ביז זיי האבען געעפענט די טהיר פון זייער הויז.

די פאמיליע עמבער האט געזאגט, אז זי איז א קרבן פון שלעכטע מענשען, וואס האבען איהר בעשווינדעלט אונ זיי סטראשענען אז זיי וועלען ארויסגעבען די נעמען פון א סך גרויסע לייט אין פראנקרייך, וועלכע האבען זיי בעשווינדעלט.

די שווינדלער-פאמיליע עמבער בעשטעהט פון 6 פערשוינען: 3 מאנסבילען אונ 3 פרויען: פרידריך עמבער, דער מאן פון די שווינדלערם, 45 יאהר אלט, טהערעזע עמבער, די פרוי זיינע, 47 יאהר; איהר שוועסטער מאריע ד'ארניאק 39 יאהר אלט אונ איהרע 2 ברידער ראמאן אונ עמיל ד'ארניאק זענען אלט איין ערך פון 50 יאהר אונ זייערע א קרובה עווא ד'ארניאק.

דעם ברודער ראמאן ד'ארניאק בעשולדיגט מען אויף אלס רוצח. ער האט לויט ווי עס ווייזט זיך אויס, געהרג'עט דעם באנקיר שוטסמאן אוים ליל אין איין וואגאן אויף דער אייזענבאהן. פאמיליע עמבער האט ביי דעם מיליאנער שוטסמאן געוואלט בארגען 7 מיליאנען אונ ער האט נישט געבארגט, נאך דעם באנקירס טויט האט מען פון זיין באנק בעקומען די דאזיגע הלואה. אין דעם אבענד ווען דער באנקיר איז געהרג'עט געווארען, האט מען געזעהען ראמאנען אויף דעם איינענעם וואקזאל. איצט איז דער חשד נאך גרעסער אז ער איז דער רוצח.

אונ אין פראנקרייך שרעקט מען זיך פאר א נייעם סקאנדאל, וואס עס וועט זיך ארויסווייזען ווידער, אז די גרעסטע לייט אין פראנקרייך זענען פערוויקעלט אין דעם סקאנדאל. מאדאם עמבער זאגט, אז זי האט בריעף פון רעשענאל, דער פרעזידענט פון סענאט, פון פרייסינע, דעם געוועזענעם קריגס-מיניסטער, פון קונסטאן אונ דעם געוועזענעם פרעזידענט קארנא. אויך רעדט מען, אז לובע, אזוהן פון דעם הייניגען פרעזידענט, איז אויך אין דעם פערמישט.

לויט די לעצטע ידיעות האט מען געכאפט נאך צוויי פערזאן, וואס האבען איין אנטהייל אין דעם שווינדעל: פריילין דאלאצא אדער ווי זי הייסט מיט איהר ריכטיגען נאמען, די קאפאנטרי, די געליבטע פון ראמאן ד'ארניאק אונ פאריירע, דער פערוואלטער ביי דער פאמיליע עמבער.

קארא, דער פאליציי-מייסטער פון מאדריד וועט בעקומען דערפאר וואס ער האט די פאמיליע עמבער ענטדעקט, 25,000 פראנק, לויט ווי די פראנצויזישע רעגירונג האט צוגעזאגט. עס קאן זעהר זיין, אז די פאריזער פאליציי איז דעם מאדרידער נאר נישט מקנא, זיי האבען פון די שווינדלער אודאי א סך מעהר בעקומען פאר דאס נישט ענטדעקען.

דער אבערקאמיסער פון דער פאריזער פאליציי איז מיט א סך בעאמטען געפאהרען קיין מאדריד, אבצונעהמען די ארעסטירטע פאמיליע פון שפאניע אונ זיי ברענגען נאך פאריז.

---

## II. יודישע נייעס.

— די קאמיסיאן פאר שולען אין דעם קאמיטעט פון דער פעטערסבורגער חברה צו פערשפרייטען בילדונג צווישען יודען אין רוסלאנד איז פאריגען זונטאג זיך צוזאמען געקומען אויף איין אספה. דער עיקר איז אויף דער אספה בעהאנדעלט געווארען די שאלה וואס די חברה האט אויפגעטהון פאר די עלעמענטאר-שולען. פון דעם דין וחשבון וועלכען מען האט פארגעלייענט זעהט מען, אז דאס רוב בקשות וועגען גרינדען שולען אונ ביבליאטהעקען האט מען אבגעזאגט, ווייל עס פעהלען די מיטלען דערצו. דעריבער האט די קאמיסיאן פארגעטראגען א גאנצען צעטעל תקנות, לויט וועלכע די חברה זאל בעקומען נייע חברים. איינע פון די תקנות איז, דאס די חברים פון קאמיטעט זאלען ארומפאהרען אין די פראווינץ-שטעדט צו פערמעהרען דעם צאהל פון די חברים. אויך האט מען פארגעטראגען, מען זאל ארויסגעבען א זאמעלבוך אונ די הכנסה פון דעם בוך זאל געהן אויף עלעמענטאר-שולען.

— אין קורצען וועט ארויסגעהן א סטאטיסטיש ביכל, אין וועלכען די חברה יק"א האט צוזאמענגעשטעלט אלע ידיעות, וועלכע זי האט געזאמעלט וועגען די יודישע ערד-ארבייטער אונ בעלי-מלאכות, וואס וואהנען אין דעם יודישען ראיאן.

— די ליעבהאבער פון דער העברעאישער שפראכע אין לאדז, האבען צווישען זיך צוזאמענגענומען א סומע פון 800 רובל און האבען דערפאר געקויפט א מתנה און צוגעשיקט דעם בעוואוסטען יודישען שריפטשטעלער דוד פרישמאן אלס געשענק צו זיין חתונה, וואס איז ניט לאנג פאר געקומען.

— ד"ר מ. טשלענאוו אויס מאסקווא, איינער פון די ציוניסטישע אנפיהרער אין רוסלאנד, איז געווארען פריוואט־דאצענט פאר הויט־קראנקהייטען אין דער מאסקאווער אוניווערזיטעט.

— די יודישע זעטצער אין דעם דרוק פון עפראן בראקהויז אין פעטערסבורג: ברוך אייזענשטאדט און יצחק יוסף גארדאן, האבען בעקומען דעם טיטול עהרען־בירגער.

— אין יאנואר 1903 ווערד דעם בארא ן הערץ גינצבורג 70 יאהר און 40 יאהר זייט ער איז דער פרעזידענט פון דער חברה „מרבי השכלה" אין פעטערסבורג. מען רעדט, אז לכבוד דעם יובילייט וועט מען גרינדען איין אינסטיטוט פאר יודישע לעהרער.

— די ברידער פאזנאנסקי אין לאדז האבען געשיקט אין די פערוואלטונג פון רוסישען קריגס־מיניסטעריום 6000 רובל פאר די וואס האבען געליטען פון דער ערדציטערניש אין אנדיזשאן.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז די יודען, וואס צאהלען ערשטער גילדיע, דארפען נישט ביי זייער דערלאנגען א בקשה, דאס מען זאל זיי ערלויבען צו נעהמען יודישע פריקאזשטשיקעס, אויסרעכענען די נעמען פון די פריקאזשטשיקעס.

— דער יוסטיץ־מיניסטער האט ערלויבט די יודישע אדוואקאטען ה' קולישער, ווינאווער און שלאסבערג צו זיין געשווארענע אדוואקאטען.

די חברה יודישע לעהרער אין דרום־רוסלאנד זאמלען צווישען זיך נדבות אויף צו גרינדען א ביבליאטהעק און עס זענען שוין צונויפגענומען געווארען א היבשער קאפיטאל, די ביבליאטהעק וועט זיך עפענען אנפאנג יאהר 1903.

די פאליציי אין קיעוו האט דעם 4 טען דעצעמבער געמאכט איין איבערפאל אין די גאסט־הייזער פון דעם קווארטאל ליבעדסקי און האט געכאפט ארום 250 יודען, וועלכע האבען נישט קיין רעכט צו וואהנען אין קיעוו. די אלע יודען האבען בעקומען א בעפעהל צו פאהרען אין דעם ראיאן וואו יודען מעגען וואהנען.

**עסטרייך־אונגארן.** די יודישע סטודענטען אין קראקא האבען געשיקט א בקשה צו דעם סענאט, וואס האט צו זאגען אויף די יאגיעלאנישע אוניווערזיטעט, ער זאל אנערקענען זייער נאציאנאליטעט אלס יודען. זיי האבען צוערשט איינגערייכט א בקשה, אז מען זאל זיי ערלויבען צו מאכען איין אספה וועגען דעם. דערויף האט זיי דער סענאט געענטפערט, אז זיי פערשפארען צו מאכען וועגען דעם אספות, ווייל די יודישע נאציאנאליטעט איז אנגענומען, לויט די עסטרייכישע געזעץ פאר א בעזונדערע נאציאנאליטעט.

**ענגלאנד.** דעם 21 דעצעמבער האט אין לאנדאן געפייערט דער בעריהמטער יודישער גביר און אבגעארדענטער אין ענגלישען פארלאמענט, סיר שמואל מאנטאגו זיין 70 יעהריגען יובילייט. מאנטאגו איז געבארען אין יאהר 1832 אין ליווערפאל, זיין פאטער איז געווען א זייגער־מאכער און האט זיך נאך מאנטאגוס געבורט אריינגעצויגען אין לאנדאן. אין יאהר 1853 האט מאנטאגו געעפענט א קליין באנק־געשעפט און אין א קורצער צייט איז ער געווארען זעהר רייך און האט זיך אויסגעצייכענט אלס פעהיגער פינאנסיסט. אין יאהר 1862 האט ער זיך משדך געווען מיט איינע פון די גרעסטע יודישע פאמיליען אין לאנדאן. אין די 60־גער יאהרען איז ער שוין געווען איינער פון די מיטגליעדער אין די גרעסטע לאנדאנער יודישע צדקה חברות, ער האט אויך געגרינדעט דעם קאמיטעט צו העלפען די ארימע לייט ביי זיי אין דערהיים. אין יאהר 1870 האט ער געגרינדעט דעם „יודישען ארבייטער קלוב" און איז דארט געווארען פרעזידענט.

סיר שמואל מאנטאגו איז א הייסער יודישער פאטריאט און ביי יעדע נויט, וואס פאסירט ביי יודען איז ער דער ערשטער וואס שיקט זיי הילפע, ער איז אייניגע מאל געווען אין ארץ ישראל און איהם האט מען צו פערדאנקען די שולע, וואס ליאנעל ראטהשילד האט אין ירושלים געבויט. אין 1882 איז ער געפאהרען אין די שליחות פון לאנדאנער Mansion House אין בראד צו העלפען די יודישע עמיגראנטען, וואס זענען נאך אמעריקא געווען. אין 2 יאהר שפעטער איז ער צוזאמען מיט נאך אנדערע געוועזט אין מערב אמעריקא צו בעזעהען די דארטיגע יודישע קאלאניעס און אין יאהר 1886 איז ער געפאהרען אין רוסלאנד און אין פוילען.

סיר שמואל מאנטאגו איז שטארק פרום און היט זעהר אב די דינים פון שבת און כשרות. מען דערצעהלט, אז ער איז אמאל געקומען מבקר חולה זיין דעם ענגלישען מיניסטער גלאדסטאן, וועלכער איז קראנק געווען אויף אינפלוענצא, און מאנטאגו האט איהם געזאגט אז ער איז נאך אין זיין לעבען נישט קראנק געווען. — וואס איז די סבה? — האט איהם גלאדסטאן געפרעגט — ווייל איך היט אב אלע דינים פון אונזער תורה — האט איהם מאנטאגו געענטפערט. אין יאהר 1885 איז ער געוועהלט געווארען צום פארלאמענט און אין יאהר 1894 האט ער בעקומען דעם טיטול „באראנעט".

**אמעריקא.** ה' נעארנ אלכסנדר קאהוט, דער זוהן פון דעם בעוואוסטען ראבינער אלכסנדר קאהוט, דער מחבר פון „ערוך השלם", איז געווארען דער ביבליאטהעקאר אין דער ביבליאטהעק, וואס איז ביי דער ראבינער־שולע אין ניו־יארק.

## דער משפט אין טשענסטאחאוו. *)

ביי דער ערשטער חקירה האט זיך ארויסגעוויזען, אז 75 מענשען זענען בעשולדיגט אלס פערברעכער. די עדות, לויט וועלכע מען האט דערוויזען, אז די דאזיגע 75 מענשען זענען שולדיג, זענען דאס רוב די פאליציי, וועלכע זענען דערביי געוועזען ביי די אונרוהען און האבען די פערברעכער געכאפט.

איינער פון די הויפט־רעדעלפיהרער איז געווען קארל שטעקלער, ער האט אויפגערייצט דעם המון, ער זאל נישט פאלגען די פאליציי און זאל געהן שלאגען די יודען און ער איז אויך געווען דער ערשטער, וואס האט דאס געטהון און אז די פאליציי האט איהם געכאפט האט ער געשריען: הרג'עט די פאליציי, מיר זענען דאך מעהר פאר זיי! ער האט זיך ארויסגעריסען פון די פאליציים הענד און האט איינעם געמאכט א וואונד מיט איין אהל.

די איבריגע זענען בעשולדיגט, אז זיי האבען געשלאגען די יודען, געווארפען שטיינער אויף דער פאליציי, געראבירט פון די געוועלבער וכדומה,

מודה געווען האבען זיך נאר שטעקלער און שקאפ און אויך נישט אויף אלץ. זיי האבען געזאגט, אז עס נאר אמת, אז זיי האבען געווארפען שטיינער, אבער די אנדערע בעשולדיגונגען האבען זיי געלייקענט.

די אנדערע האבען געלייקענט אין גאנצען און האבען געזאגט, אז זיי זענען גאר ביי דער גאנצער מעשה נישט געוועזען, אז על פי טעות האט מען זיי ארעסטירט, און די זאכען, וואס מען האט געפונען ביי זיי, האט מען אין מיסטנע אונטערגעווארפען, אנדערע האבען געזאגט, אז זיי האבען דאס געקויפט נאך איידער די אונרוהען זענען געוועזען און דערויף האבען זיי ארויסגעשטעלט 200 עדות.

*) זעהט פאלקס־צייטונג Nr. 1

אז מען האט געענדיגט פארלייענען דעם בעשולדיגונגס אקט, האט דער „פרעדסעדאטעל" געפרעגט אויב עמיצער פון זיי וויל זיך מודה זיין, אלע האבען געענפערט, אז זיי האבען זיך נישט אויף וואס מודה צו זיין, ווייל זיי זענען אומשולדיג.

בשעת די עדות האבען געשוואו־ען האט איין אדוואקאט, וועלכער איז געשטאנען פאר די פערברעכער, געבעטען מען זאל קיין שום יודישען עדות נישט טרויען קיין שבועה, ווייל דער משפט איז נוגע צו יודען, וועלען זיי א ודאי פאר זיי גוט עדות זאגען, מען האט עס אבער נישט אנגענומען.

ביז 11 דעם ויינער ביי נאכט האט געדויערט דאס אויסהערען א טהייל פון די עדות, די איבריגע האט מען אבגעלייגט אויף דעם צווייטען טאג.

דער גאנצער צווייטער טאג איז אוועקגעגאנגען מיט אויסהערען די עדות, אלע האבען עדות געזאגט, אז זיי האבען געזעהען שטעקלערן צווישען המון און געהערט ווי ער רייצט זיי אן צו ראבעווען, שטעקלער שווייגט די גאנצע צייט, חאטש דער פרעדסעדאטעל האט איהם ערלויבט צו רעדען.

אין זאל, וואו דער משפט איז, קומט אריין א פרוי איינגעהילט אין א טוך, דער גאנצער עולם ווארפט די אויגען אויף איהר. דאס איז זי אליין צוליעב וועלכע דער משפט איז, דאס איז טעאפיליע קרוקאווא, זי הויבט אן רעדען און אלע לעגען צו די אויערן, זי זאגט, אז זי איז גאר נישט שולדיג, שולדיג זענען נאר די יודען, מען דערקענט אבער פון איהרע רייד, אז זי האט חרטה אויף דעם גאנצען עסק, אויף איהר פנים איז נישט צו בעמערקען קיין שום סימן פון קראנקהייט, אויף איינינע שאלות וואס מען פרעגט איהר ענטפערט זי נישט קיין קלארע תשובות.

נאך דעם ווי די געשווארענע האבען אויסגעהערט אלע טענות פון די בעשולדיגטע, פון פראקוראר און פון די אדוואקאטען, זענען זיי אריין אין א בעזונדער חדר זיך בעראטען און נאך א לענגערע צייט זענען זיי ארויס און האבען פארגעלייענט דעם פסק דין:

די פערברעכער זענען איינגעטיילט געווארען אין 11 אבטיילונגען:

אין די ערשטע אבטיילונג זענען פערצייכענט 6 פערברעכער, וועלכע מען האט צוגע׳פסק׳עט אוועקצונעמען אלע רעכטע און פער־שיקען אויף איין יאהר „ארעסטאנסקע ראטע" און דערנאך וועלען זיי מוזען זיין 4 יאהר אונטער די השגחה פון פאליציי.

די צווייטע אבטיילונג 22 פערברעכער — 8 חדשים אסטראג און 2 יאהר אונטער די השגחה פון פאליציי.

דריטע אבטיילונג 1 פערברעכער — איין יאהר אסטראג. די פיערטע אבטיילונג 6 פערברעכער — אויף 4 חדשים. די פינפטע אבטיילונג 5 פערברעכער — אויף 2 חדשים. די זעכסטע אבטיילונג פרוי וואלעריע באטאר — אוועק צו נעהמען אלע רעכטע און 4 חדשים. די זיבעטע אבטיילונג איין פערברעכער — אויף 2 חדשים. די אכטע אבטיילונג 6 פערברעכער — אויף 4 חדשים. די ניינטע אבטיילונג 3 פערברעכער איינער — אויף א חודש און 2 אויף 3 וואכען אסטראג.

די צעהנטע אבטיילונג 15 מענשען זענען אין גאנצען בעפרייט געווארען.

אויך האט מען די פערברעכער צוגע׳פסק׳עט, זיי זאלען אלע צוזאמען בעצאהלען דעם הזק, וואס זיי האבען געמאכט — 6700 רובל.

---

## יצחק בן ליב אשכנזי.

פרייטאג, דעם 19 כסלו איז געשטארבען אין מאסקווא דער יודישער מאלער אקאדעמיק יצחק בן ליב אשכנזי צו 47 יאהר. דער פערשטארבענער איז געבארען אין דריסא, א קליין שטעדטל אין וויטעבסקער גוב. און האט זיך ערצויגען ביי פרומע עלטערן. די פרומע ערציהונג האט אויף איהם זעהר שטארק געווירקט. זייענדיג א שילער אין דער פעטערסבורגער אקאדעמיע האט ער קיינמאל נישט מחלל געוועזען שבת און יום־טוב. שוין אלס יונגל פון 16 יאהר האט זיך ביי איהם בעוויזען טאלענט צום מאלען און דעריבער האט איהם דער פאטער געשיקט קיין פעטערסבורג. אין סעפטעמבער 1870 איז ער אנגעקומען אין דער פעטערסבורגער אקאדעמיע, וואו ער האט זיך אויסגעצייכענט געלערנט. אין 1874 האט ער בעקומען א קליינע זילבערנע מעדאליע, אין 1875 א צווייטע קליינע זילבערנע מעדאליע און אין 1878 האט ער בעקומען 2 גרויסע זילבערנע מעדאליען אין 2 חדשים. אין יאהר 1878 האט ער בעקומען א קליינע גאלדענע מעדאליע פאר דאס בילד „אברהם טרייבט ארויס הגר׳ן און ישמעאל׳ן. אין יאהר 1879 האט ער בעקומען א גרויסע גאלדענע מעדאליע און דעם טיטול מאלער פון דער ערשטער מדרגה, שפעטער איז ער אויף די רעגירונגס קאסטען געפאהרען אין אויסלאנד זיך צו דערלערנען די מאלער־קונסט אין גאנצען. זייענדיג אין רוים האט ער פערטיג געמאכט זיין בילד „משה פאשעט יתרו׳ס שאף אין דער מדבר". אין דער פאריזער וועלט־אויסשטעלונג האט ער אין יאהר 1889 אויסגעשטעלט זיינע בילדער: „פרייטאג פאר נאכט" און „דער רב פערהערט א חתן".

זיין לעצטעס און בעסטעס בילד איז „קהלת". אויף וועלכעס ער האט א לאנגע צייט געארבייט.

---

## נאהענט און ווייט.

### „בעל הבתי׳שע ציוניסטען"

וואס איז אזוינס א בעל־הבית? ווייסט איהר. וואס איז אזוינס בעל־הבתי׳שע ליטעראטור? ווייסט איהר שוין אויך פון שלום־עליכם׳ס קריטישע ארטיקלען, נאר וואס איז אזוינס „בעל־הבתי׳שע ציוניסטען" ווייסט איהר געוויס ניט, ווייל עס איז דאס לעצטע נייעס אין דעם ציוניזם.

ווי אזוי דער ציוניזם איז געבוירען געווארען, ווייסט איהר דאך. פריהער זענען בעשאפען געווארען „חובבי ציון", דערנאך „פראקטישע ציוניסטען", שפעטער — „פראקציאנערען", נאך שפעטער „מזרחי׳סטען", אין דער לעצטער צייט זענען בעשאפען געווארען נאך דרייערליי ציוניסטען: „נייטראלע ציוניסטען", „עקאנאמישע ציוניסטען" און צום סוף „ארבייטער־ציוניסטען".

„בעל־הבתי׳שע ציוניסטען" — דאס זענען נאר וואס פרישע צאפעלדיגע, נייע געבוירענע בעשעפענישען אין דער ציוניסטישער וועלט. די געבורטסשטאדט פון די בעל־הבתי׳שע ציוניסטען איז די שטאדט ווארשא. און ניט נאר פון יענער זייט ווארשא ווייסט קיינער ניט וואס ביי זיי קומט פאר, נאר אפילו אין ווארשא איז שווער זיך

צו דערוויסען וואס זיי זאגען, וואס איז מיט זיי דער „מעהר", און בכלל וואס טהון זיי און וואס ווילען זיי.

די „בעל-הבית'ישע ציוניסטען" מאכען אפט אסיפות, מען האלט דריי שעה'נדיגע רעדען, מען פיהרט דעבאטען, מיט איינעם ווארט: עס קומט ביי זיי פאר אלעס, ווי עס געהט געוועהנליך צו ביי ציוניסטישע אספות, נאר איינענטליך וואס קומט דארט פאר, ווער רעדט, וואס רעדט מען דארט, און בכלל וואס טהון די בעל-הבתים אויף זייערע אספות, ווייסט קיינער ניט, אפילו ניט די ציוניסטען. אפשר ווילט איהר זיך דערוויסען דורך יודישע צייטונגען, וואס עס קומט ביי זיי פאר, קאן מען אויך גאר ניט וויסען, ווייל די יודישע צייטונגען ווייסען זעלבסט ניט, וואס דארט קומט פאר. פאר די יודישע צייטונגען זענען די אספות פארשלאסען און ווער קאן די דאזיגע ציוניסטישע בעלי-הבתים זאגען א דעה? דערויף זענען זיי זיך בעלי-הבתים און דער ציוניזם איז ביי זיי א היימישע א בעל הבית'ישע זאך: ווער באמת קאן זיך נעהמען דאס רעכט, זיך אריינצומישען און זייערע בעל-הבתישע היימישע זאכען?

איהר ווייסט דאך, אז עס איז דא בעלי-הבתים, וועלכע בויען זיך פאר זיך א בעדעל אדער להבדיל א בית-המדרש'ל, היינט ווער קאן זיי א דעה זאגען, אז דער בעל-הבית וויל זיך אליין שמייסען און אליין שוויצען אויף דער אייבערשטער באנק? ווער קאן איהם א דעה זאגען, אז אין זיין בית-המדרש וויל ער אליין אלע שבת זיין שישי און אליין שטעהן פאר דעם עמוד? דעם בעל-הבית בעדעל, דעם בעל-הבית בית המדרש'יל, ווער האט דאס רעכט איהם א דעה זאגען?

אט אזוי האבען זיך איינינע ווארשאווער בעל-הבתים גענומען אין ארענדע דעם ציוניזם, זיי קומען זיך צוזאמען אליין אין זייער רעדעל, אין זייער בית המדרש, מען נעהמט זיך צו די אויבערשטע באנק, מען צעטהיילט צווישען זיך די שענסטע עליות און דעם עמוד, און מען איז בעל-הבית'ישע ציוניסטען פאר זיך און ווער, ווער קאן זיך מישען אין זייער בעל-הבתי'שען בית המדרש?

ווען איך האב געפרעגט פאר וואס לאזט מען אהין ניט אריין קיין ציוניסטען, האט מען מיר געענטפערט, אז די אבענדען זענען געמאכט געווארען פאר ניט קיין ציוניסטען, ד. ה. דער צוועק פון די ציוניסטישע אבענדען איז צו מאכען נייע ציוניסטען.

אבער פאר וואס איז מען חאטש וועגען די אבענדען ניט מודיע אין די יודישע רעדאקציעס, כבדי די ציוניסטען זאלען חאטש פון די יודישע צייטונגען וויסען וואס דארט קומט פאר? אויף דער פראגע האט מען קיין ענטפער ניט געגעבען.

דערפאר אבער לאדעט מען איין אין זייער בית המדרש די קארעספאנדענטען פון די פוילישע צייטונגען, ווי „גאזעטא פאלסקי", „קוריער פאלסקא", „קוריער צאדזעני", „קוריער ווארשאווסקי" און „קוריער פאראני", נאר ניט חס ושלום די שרייבער פון יודישע צייטונגען.

און טאמער וויל א יוד וויסען וואס עס קומט פאר ביי די גרויסע „בעל-הבית'ישע ציוניסטען" אין דער גרויסער שטאדט ווארשא אויף זייערע פערזאמלונגען, מוז מען לייענען פוילישע צייטונגען, נאר ניט קיין יודישע.

היינט וואס קאן מען שוין זאגען אויף די ציוניסטישע פערזאמלונגען אין די יודישע קליינע שטעדטלעך, אז ווען אין דעם גרויסען ווארשא פיהרען זיך די גרויסע ציוניסטען אזוי שיין אויף?

און כדי מען זאל ניט זאגען, אז איך האב ניט איבערגעגעבען דעם גאנצען אמת, מוז איך צוגעבען אז אויף דעם דריטען ציוניסטישען אבענד האט זיך יא געפונען איין יודישער קארעספאנדענט פון איין איינציגער יודישע צייטונג, נאר דער איינציגער יודישער קארעספאנדענט איז געוועזען פון דער יודישער צייטונג „הצפירה"...

און נאר פון „הצפירה" האבען די יודישע לעזער זיך געקענט דערוויסען, וואס עס איז פארגעקומען אויף דעם דריטען אבענד פון די בעל-הבתי'שע ציוניסטען.

וואס זאל איך אייך נאך דא דערצעהלען, איך קאן אייך מעהר ניט ווי זאגען: — איך בין מיר א בעל-הבית, עס איז מיין בעדעל, מיין בעזעמל, מיין בית המדרש, מיינע עליות, מיין עמוד און איך טהו מיר וואס איך וויל...

אמת.

---

## וועג-בילדער.

(ענדע).

### III.

### דער נגיד צו די שטעדטלעך.

בערקע אליין איז זעהר א רייכער מענש פון דער נאטור, א גוטער ברודער, האלט זיך נישט גרוים מיט זיין פערמעגען, דרעהט זיך א גאנצען טאג ארום אין דער גאס, אנגעטהון אין איין אלטע פאפיע-לאטע קאפאטע, אבגעפלאקערט פון דער זון מיט נייע בענדער און קנעפ בענעהט, דאס היטל אויסגעריבען, האלט איין אלטען שטעקען אין האנד, וואס אויבען ביים אנגעהמער איז ער גלאטיג, א סימן אז ער דיענט שוין לאנג זיין בעל-הבית. קוקענדיג אויף בערקען, אויף זיין אויסגעטרוקענט געזיכט, אויף די קאלטע הארטע קנייטשען, וואס פאלטען זיך אין זיין געזיכט, קריגט מען אויף איהם גרוים רחמנות, — זאגט מיט שרעק, ווי א כושל יעדען צוערשט „גוט מארגען", שמייכעלט צו אלעמען ליעבליך און חנפ'עט אלעמען, ווי ער וואלט חלילה געבראכט יענעמס לאפקע, און קרעכצט תמיד אויף דער ביטערער צייט.

— גוט מארגען, חאצקעל, וואס מאכסטו דו עפּיס גוטס? זאגט ער צו חאצקלען דעם בעל-עגלה, ווען דער לעצטער געהט פון א געוועלב ארוים און האלט אין האנד א קעסטל מיט שמירעכטס.

— זעהסט דאך בערקע (אלע אין שטאדט רופען בערקען). מען שמירט דאך דעם וואגאן און מען פאהרט.

— וואו אהין דאס?

וואו דען? אז נישט קיין גאסטענין.

דערווייל קומען זיי אן צו חאצקעלס וואגען, איינגעשפאנט אין צוויי אויסגעמאגערטע געגאדעס, בערקע געהט צו, קלאפט אויפ'ן פערדס ריקען, זאגענדיג צו חאצקלען:

— וואס מאכט דיין חיה עפּיס? אוי גאר נישט קיין בריה. שוין צייט זי איבערצוטוישען, חאצקעל, און חאצקעלס געגאדע שטעהט אויסגעשטרעקט די אויערען און הארכט זיך איין אין שמועס — און פערקלערט זיך: מען מיינט זי אפשר?

חאצקעל דרעהט אראב דאס ראד, שפארט אונטער דעם וואגען מיט'ן ריקען.

בערקע געהט צו, שטעקט ארונטער אונטער דעם וואגען זיין ריקען, שטעקען און וויל חאצקלען העלפען דעם וואגען אונטער־הייבען. און פרעהענדיג זיך אויף די טובה, וואס ער טהוט דא איצט חאצקלען, זאגט ער מיט בעהאלטענעם נחת:

— ווייסט וואס, חאצקעל? אין זאכאראווקע זענען דא גוטע פערד צו קויפען, פאהר ארויס און זוך דיר עפיס אויס א מחורה'לע פאר דיר, ער וועט דיר וואלוועל פערקויפען, ברוך.

חאצקעל, ארונטער שטעקענדיג דעם קאפ אונטער דעם וואגען, דעם אקס שמירענדיג, ענטפערט איהם פון אונטער דעם וואגען:

— יא, ברוך, נאר נישט מיט איהם וואס צו מאכען, זיבען און צוואנציג רובל שוין געוואלט איהם געבען און ער וויל נישט הערען און געדענקען.

— אזוי, וויל נאך נישט—וואונדערט זיך בערקע, הא, הא, הא, ער קנייטשט איין דעם שטערן, און עס דאכט זיך, ער האט עגמת־נפש אויף זיין ראשאנצווע, וואס ער וויל קיין זיבען און צוואנציג רובל נישט נעהמען.

— וואלסט איהם א בריוול ארויסגעשריעבען, רעדט חאצקעל פון אונטער דעם וואגען ארויס.

— עה, ביטערע צייטען!—קרעכצט בערקע און נעהמט ארויס א פישקעלע מיט שמעק־טאבאק און איז מכבד חאצקלען,— עס זעהט אויס, אז בערקע איז זיך זעהר מצער דערויף.

דארט אין מיטען מארק שטעהען דאס קופקעלע יודען און הוקען אויף בערקען, ווי ער העלפט חאצקעל פוהרמאן דעם וואגען אונטערשמירען, און זייערע פערטרוקענטע ליפען, און דאס קלאפען מיט די שטעקענס אויף די שטיינער דריקט עפיס עגמת־נפש אויס אויף זייער נגיד, וואס ווייסט נישט צו האלטען זיך בכבוד און גיט זיך אב מיט א לאדע בעל־עגלה.

באלד קומט בערקע אן צו דעם קופקעלע יודען.

— גוט מארגען.

— גוט יאהר.

— וואס הערט מען נייעס? ווער האט אין זאכאראווקע גע־קויפט?

— ער וויל נישט פערקויפען, אייערער— רופט זיך אן איינער פון די יודען.

— א וואו, פאר דריי און פערציג אויך נאך נישט, וואונדערט זיך בערקע.

— און איך זאג דיר, אז עס וועט דיר באנג טהון, בערקע, — זאגט צו איהם איינער.

א צווייטער יוד העלפט איהם מיט:

— ווארט בערקע! דו וועסט נאך אונז בעטען.

— מילא, קרעכצט בערקע, מן הסתם וויל מען טייערער געבען, וועט א נאסטעניגער קויפען.

— און אונז דארף מען נישט לאזען לעבען, צעבייזערט זיך שוין איינער.

— עה, קרעכצט בערקע, און ווינקט צו א יונגען מאן פון דער קופקע:

— זרח, זיי נאר מוחל.

יענער קומט צו צו איהם, און עפיס ווי וועלענדיג בערקען איבערבעטען זאגט ער צו איהם נאך אמאל זיין אייגענעם גוט מארגען:

— שוין היינט מאנטאג, געכטען נאך צייט געווען, קרעכצט בערקע.

— גלויבט מיר, איך ווייס דאס. און וואס קאן איך טהון?

— איך האב דאך אויך א ווייב מיט קינדערלעך, בעט זיך בערקע און די קנייטשען פון געזיכט זעהען אויס ווי ווייננדיג.

— די צייט איז שלעכט, פערענטפערט זיך זרח.

— די צייט איז ביטער — זאגט בערקע, פרענגענדיג דערמיט זרח'ן...

— הייסט דו צו שרייבען צום חוב,—קרעכצט בערקע נאך אמאל.

— מילא, וואס קאן איך מאכען?

— ביזט געבעך א שלימזל'ניק, בעדויערט איהם בערקע, שטארק אבזיפצענדיג.

זיי שמועסען ווייטער צווישען זיך.

באלד הערט מען פון גאניקל שאשעס, בערקעס ווייב'ס קול.

— בערקע, דאס מיטאג איז שוין פארטיג!

— האסט דו ווייטער א געשעפט, פארענטפערט זיך בערקע פאר דאס קופקעלע יודען, און באלד דרעהט ער זיך אויס, זאגט עפיס איין אויסרייד און געהט אהיים.

זיי קוקען איהם נאך.

באלד קומט בערקע אן פאר דער שטעל גרינס, וואס איז פאר זיין הויז, נעהמט א רעטעך אין האנד, בעקוקט איהם פון אלע זייטען.

ער נעהמט א פיהרער ארויס פון קעשענע און גיט איהם דער יודענע וואס זיצט פאר דער שטעל.

די יודענע בעקוקט דעם פיהרער, און ווארפט איהם אין א קווארט אריין.

שוין איין אויסגעדונגענער פרייז.

בערקע נעמט דעם רעטעך און געהט מיט איהם אין הויז אריין.

— ווייטער געלד אויסגעגעבען, זאגט ער מיט א געלעכטערל צו דעם קרעמער, וואס שטעהט אויף דער שוועל פון דעם געוועלבל, וואס איז אונטער זיין גאניקל.

דער קרעמער קראצט זיך אין בערדל קאלט־בלוטיג.

שלום אש.

## דער אפטימיזמוס ביי יודען.

נאך ד״ר פאול וויזענגרין, פון ד. פולס.

אפטימיזמוס איז די אנזיכט, אז אונזער וועלט איז די בעסטע פון אלע מעגליכע וועלטען. אפטימיסט הייסט יענער, וועלכער האט די דאזיגע אנזיכט, וועלכער גלויבט, אז אונזער וועלט איז די בעסטע, און מענשען, צופרידענע מיט דעם וואס שוין אליין, וואס זיי לעבען, מענשען, וועלכע זעהען ארויס אין יעדער זאך נאר דאס גוטע. די גם־זו־לטובה'ניקעס — זיי הייסען אפטימיסטען. נישט זייענדיג

אפילו קיין פילאסאפען, ווי דער דייטשער פילאסאף לייבניץ, דער בעגרינדער פון דעם אפטימיזמוס אין דער פילאסאפיע, טראגען זיי דאך ארום מיט זיך דאס פרעהליכע בעוואוסטזיין, אז זיי לעבען אין דער בעסטער פון אלע וועלטען, אונ אז לעבען איז בכלל גוט.

דאס יודישע פאלק האט אויפצוגעוויזען אונגעוועהנליך פיעל אפטימיסטען, דאס איז איין „עמא דבדיחותא", א פרעהליך פעלקל, א פאלק פון „הוליע קבצן!". די יודען ליעבען זעהר דאס לעבען. עס איז נישט דא אפשר א צווייטע ראסע, וועלכע זאל טראגען אין זיך אזא ווילען צום לעבען, נישט קוקענדיג אויף אלע צרות אונ פערפאלגונגען אין אלע יאהרהונדערטער. די יודען לאכען אפט מיט טרעהרען, אבער זיי לאכען. זיי ווערען נישט נתפעל פון קיין לאגע אונ מעג זי זיין ווי נאך אזוי שלעכט, זיי טראגען אלץ גוט אריבער, אונ אין יעדער, ווי נאך שווערער לאגע, פערלאזט זיי נישט די האפנונג, אז זיי וועלען זיך שוין ארויסדרעהען. זיי זענען אפטימיסטישער ווי אנדערע פעלקער, ווייל זיי זענען אנגעפאסטער צום לעבען אדער ווייל זיי גלויבען, אז זיי זענען אנגעפאסטער. אין דעם דאזיגען זין האט פריעדריך ניעטצשע, דער גרויסער דייטשער דיכטער-פילאסאף, גערעדט מיט בעוואונדערונג פון די יודען, וועלכע האבען אפילו אונטער די שווערסטע אומשטענדען קיינמאל נישט געהאפט זיך צום גיפט-בעכער.

דאך ניעטצשע האט נאר געקאנט די יודען פון מערב-איירָאפא, פון דייטשלאנד, פראנקרייך. אין זיי איז שוין נישט דא אזא פרעהליכקייט אונ לעבעדיגקייט; זיי זענען געלאסענער געווארען אונ שטאטיגער, ווייל אין זיי האט זיך אויסגעארבייט א גרעסערער ווילען נאכצומאכען די פעלקער, צווישען וועלכע זיי וואהנען. ווער עס וויל ריכטיג אבשעצען דעם יודישען אפטימיזמוס, יענער מוז אריינקוקען אין די מזרח-לענדער, אין רוסלאנד, פוילען, גאליציע אונ רומעניע. דא אין די נידעריגע הייזלעך, וואו עס לעבען די ארעמסטע אונ אונטערדריקטעסטע אונטער די יודען, דא איז דאס לוסטיגע, לעבעדיגע, דאס לעבען ליעבענדיגע עלעמענט פון די יודען ווי ביי זיך אין דער היים. דער אונטערשיעד צווישען די מערב- אונ די מזרח-יודען זעהט זיך שוין ארויס אין די ימים טובים. אין מערב-איירָאפא ווערען געהאלטען נאר די גרויסע, עטוואס טרויעריגע, זעהר ערהאבענע אונ אויסגעפוצטע ימים טובים. קיין בעזונדערע פרייד זעהט מען דא נישט ארויס, העכסטענס טהוט מען זיך אן יום-טוב'דיג אונ מען געהט אין כאר-שוהל אונ מען רוהט דעם טאג. דאס יודישע פאלק אין די אויבען דערמאנטע מזרח-לענדער פייערט אבער שמחת-תורה אונ פורים מיט א נאאיוויטעט אונ פרישקייט פון א הייס-בלוטיגען זידליכען פאלק. דא ווערד געטאנצט אונ געלאכט, געזונגען אונ געטרונקען. א וואהר פאלקס-לעבען ענטוויקעלט זיך אין די גאסען. אזוי פרעהען זיך קענען נאר די, וועלכע ליעבען שטארק דאס לעבען, אונ האפען א סך פון איהם. אונ ווי זינגט טאקי דער שמחת-תורה-יוד:

„אן מיין גרויסען פעקל צרות —
עט! — פארגעס איך גאר אין גאנצען.
מיט די שונאים, די הונט-סוואַרעס,
דרעה איך, שלאג איך היינט כפרות,
אונ איך געה מיר פרעהליך טאנצען!"

דאס יודישע טהעאטער, ווי דאס איז געוועזען ביז אהער, איז אויך דער אויסדרוק פון דעם יודישען אפטימיזמוס, דער יוד געהט אין טהעאטער אום צו לאכען. אונ אין קיין טהעאטער ווערד אזוי נישט געלאכט. אפילו אין פיעסען מיט א טרויעריג-ערנסטער האנדלונג מוז געלאכט ווערען. אין דעם זשארגאן-דראמא האט יעדער אקט א סך קאמעדיע-סצענען אונ דאס רוב זאגאר צירקוס-סצענען.

כאראקטעריסטיש פאר דעם אפטימיזמוס פון די יודען איז דאס העכסטע פראדוקט פון דעם מענשליכען דענקען אונ קולטור: די פילאסאפיע. קיין בעדייטענדער יודישער דענקער איז נישט געוועזען קיין פעסימיסט, קיין אנהענגער פון דעם פעסימיזמוס, פון דער אנזיכט אז אונזער וועלט איז די ערגסטע פון אלע וועלטען, אז דער מענש ווערד נאר געבארען אויף צרות אדער אז אויף דער וועלט זענען אסך מעהר שלעכטע מענשען ווי גוטע. די גרויסע סאציאלאגען, די גרויסע לעהרער פון דעם לעבען אין דער געזעלשאפט, די דאזיגע אינדירעקטע מן הצד פילאסאפען אונטער די יודען זענען געוועזען דוקא דייעניגע, וועלכע האבען געלערנט ווי צו לעבען, וועלכע האבען אנגעוויעזען אויף דאס פראקטישע אונ דאס געזעלשאפטליך גוטע אונ דעם לעבען. דאס איז א לאנגע קייט פון גרויסע דענקער, וועלכע ציעהט זיך פון די נביאים ביז אויף קארל מארקס. אין דעם יודישען דענקען שפיעלט נישט קיין ראלע דאס נירוואנא, די גרעסטע גליקזעליגקייט דורך אריינארבייטען זיך אין א צושטאנד, וועלכען מען הערט אויף צו וויסען, אז מען עקסיסטירט. א ביישפיעל דערצו איז שפינאזא, דער גרעסטער יוד אונטער די פילאסאפען, דער גרעסטער דענקער אונטער די יודען. דער מאן מיט די טיעפסטע אונ ערנסטעסטע געדאנקען איז געגאנגען דורך דאס לעבען מיט דער לוסטיגער נשמה פון א קינד. אונ אלע זיינע ווערק ווייזען ארויס איין אפטימיסטישע גרונד-נאטע. דער מענש אליין קאן זיך אויסהיילען פון אלע זיינע שמערצען: ער דארף זיך נאר אוועקגעבען דעם ריינעם דענקען, אונ ער וועט שוין לוסטיג ווערען — נאך דעם כלל פון דער גמרא: החש בראשו יעסוק בתורה: האט איינער קאפ-וועהטאג, זאל ער זיך אוועקזעצען לערנען, זאל ער זיך פערטיעפען אין דענקען... די וועלט אונ אלץ אין איהר איז גאנץ פארטרעפליך אונ ווי עס דארף צו זיין; דער מענש דארף זיך דערפאר פרייען מיט'ן לעבען, כל זמן ער לעבט. מיט רעכט האט שאפענהויער דער גרויסער פילאסאף פון דעם פעסימיזמוס, געזאגט, אז שפינאזא האט נישט געקאנט ארויסקריכען פון זיין יודישער הויט.

דער גלויבען אין משיח'ן, דער טרייסטענדער געדאנק, וועלכען די יודען האבען ארומגעפיהרט מיט זיך אלע די הונדערטער גלות-יאהרען, איז אויך איין עדות פון דעם יודישען אפטימיזמוס, דערזעלבער יוד, וועלכער פאלט ביי זיך נישט אראב אין דעם אלטעגליכען געשעפטס-לעבען מיט זיינע אונצעהליגע שוועריגקייטען אונ פלאגען, וועלכער לעבט מיט די העלסטע אונ גליקליכסטע האפנונגען אויף דעם קומענדיגען טאג, אויף די קומענדיגע שעה, וועלכער בעגעגענט די גרעסטע נויט מיט זיין ערקוויקענדיגען קראפט איינפליעסענדיגען „גאט וועט מסתמא העלפען!" — דער זעלבער יוד גלויבט מיט אלע אברים פון זיין וועזען, אז דער אלמעכטיגער וועט נישט בלויז איהם, נאר אויך זיין פאלק קיינמאל נישט פערלאזען.

ווען אונטער די וועלטפערבעסערער פון אלע דורות זענען געוועזען א סך יודען, איז דאס אויך צום גוטען טהייל דורך דעם אפטימיזמוס פון דעם יודישען פאלק. דאס איז ווידער דער פעלזען־פעסטער גלויבען, אז אונזער וועלט איז די בעסטע פון אלע וועלטען, און דאס שלעכטס, וואס מיר געפינען דא, איז נאר עטוואס פאראיבערגעהענדיגעס, עטוואס וואס קאן און וועט געוויס אבגעשאפט ווערען, און דער מארגען וועט זיין א סך בעסער פאר דעם היינט.

אזוי בעגלייט דער אפטימיזמוס דעם יודען אין אלע שטופען פון זיין ענטוויקלונג.

## קריטיק.

### פונ'ם שאול תחתיה.

S Posner. Nad otchłania. Warszawa 1903

ונונב איש ומכרו מות יומת. (משפטים כ"א, ט"ז).

עס איז נישט א מעשה צו שרעקען קליינע קינדער, און דאך איז זי זעהר און זעהר שרעקליך. די העלדען זענען מענשענפרעסער: אבער נישט רויטע, נאקעטע אינדיאנער, אדער שווארצע אפריקאנער, נאר עלעגאנטע אייראפעער אין צילינדערס מיט בריליאנטענע רינגען אויף די פינגער. זיי וואהנען נישט ווייט ערגיץ הינטער די הרי חושך אדער פון יענער זייט סמבטיון, נאר דא ביי אונז, אפשר אין דעם אייגענעם הויז וואו מיר, זיי שחט'ען און בראטען נישט זייערע קרבנות, און לעבען דאך פון זייער בלוט. יעדער ווייסט, אז אזעלכע מערדער זענען דא, און דאך געהען זיי ארום פויגעלפריי און חאפען אן העלען טאג זייערע קרבנות. קיינער האט פאר זיי נישט מורא נאר מען מאוס'ט זיך מיט זיי אנצוהייבען. דער עיקר אבער, פאר וואס מען טשעפעט זיי ניט, איז ווייל זיי ווארפען זייערע געפאנגענע אין א שאול תחתיה, וואס פון דארט הערט מען נישט קיין שרייען און וויינען, ווער עס איז דארט, דער איז אויף אייביג בעגראבען.

דער שאול תחתיה — דאס איז די פראסטיטוציע. איהר זעהט איך האב נישט מגזם געוועזען.

און ווייסט איהר, ווער זענען די מערדערס, וואס האנדלען מיט לעבעדיגע מענשען? — גרעסטענטהיילס יודען.

און ווייסט איהר, ווער זענען די אומגליקליכע קרבנות? — גרעסטענטיילס ארעמע יודישע מיידלעך, פון פוילען, גאליציע און רוסלאנד.

גענוג פעקלעך האט אויף אונז דער גלות ארויף געלעגט, דאס איז אבער די גרעסטע חרפה און בושה, וואס מע ווארפט אונז אין דער גאנצער וועלט פאר. און עס איז אמת.

און ווען ה' פויזנער פרעגט, וואס האבען מיר יודען, ביז איצט געטהאן אין דער זאך — מוז מען אראפ לאזען דעם קאפ און מודה זיין, אז מיר האבען גאר נישט געטהון.

אמת, ביז איצט האט מען אייגענטליך כמעט גאר ניט געקאנט טהון. דער "ווייסער שקלאווענהאנדעל" איז צו גוט ארגאניזירט, אז פריוואט מענשען זאלען קענען ראנגלען זיך געגען איהם. די געזעצע אין פערשידענע מדינות זענען צו שוואך, אום ארויסצורייסען די קרבנות פון די הענד פון זייערע מערדערס.

זייט איניגע יאהר אבער האבען זיך אין פערשידענע שטעדט אין אייראפא געבילדעט קאמיטעטען געגען דעם האנדעל מיט לעבעדיגע סחורה. איין ענגלענדער Mr. Coot, וואס בעשעפטיגט זיך שוין לאנג מיט דער שרעקליכער פראגע, איז ארומגעפאהרען אין אלע אייראפעאישע הויפטשטעדט און האט אזוי לאנג אגיטירט ביי די רעגירונגען, ביז עס איז איהם געלונגען פאר דריי יאהרען צוזאמענצורופען אין לאנדאן איין אינטערנאציאנאלע קאנפערענץ פון פארשטעהער פון אלע אייראפעאישע רעגירונגען. די קאנפערענץ האט בעשלאסען, אז מען קאן נישט מעהר צו מאכען די אויגען אויף דעם שרעקליכען שקלאווענהאנדעל און אז אלע רעגירונגען מוזען זיך מיט דער פראגע ערנסט בעשעפטיגען און אז מע מוז אלע מיטעל אנווענדען, דעם מענשענהאנדעל צו שטערען און די מענשען־הענדלער זעהר שטרענג צו פערפאלגען און בעשטראפען. די לעצטע דריי יאהר זענען נישט אוועקגעגאנגען אומזיסט. די קאמיטעטען אין גאנץ אייראפא האבען געארבייט, מען האט גוט שטודירט די גאנצע פראגע און איבערגעקלערט, וואס פאר א מיטעל מע דארף אנווענדען. פאר זעכס חדשים האבען זיך אין פאריז פערזאמעלט דעלעגאטען פון אלע רעגירונגען (אויך פון רוסלאנד) אום ארויסצוגעבען נייע זעהר שטרענגע געזעצע געגען דעם ווייסען שקלאווענהאנדעל, און באלד נאך דעם איז געווען אין פראנקפורט אויף דעם מאין א קאנגרעס פון די פארשטעהער פון אלע אייראפעאישע קאמיטעטען, וואו מען האט זיך נאך א מאל מישב געווען, ווי אזוי צו ראנגלען זיך געגען דעם שרעקליכען האנדעל.

מיט איין ווארט, פון אלע זייטען הייבט מען זיך אן צו ריהרען און צו ארבייטען. אויך אין ווארשא האט מען פאר א יאהרען געגרינדעט א "געזעלשאפט צו שיצען פרויען", ליידער אבער הייסט זי אויסדריקליך "קריסטליכע" און יודען קענען דארט נישט אויפגענומען ווערען.

מיר גלויבען און מיר מוזען גלויבען אין דעם גרויסען כח, וואס ליגט אין דער גאנצער מענשהייט, בפרט אין איהרע בעסטע און איידעלסטע פארשטעהער. ווען זיי וועלען נאר וועלען — וועלען זיי עס געוויס שפעטער אדער פריהער אויספיהרען. בעזונדערס ווען עס האנדעלט זיך אום אזא גרויסע און הייליגע זאך.

אבער מיר יודען, וואס שטאלצירען אזוי — און נישט מיט אונרעכט — מיט דער ריינקייט פון אונזערע זיטען און אונזער משפחה־לעבען, בפרט די וואס וואנען אין גאליציע און אין פוילען, דארפען נישט שווייגען, א גרויסער טייל פון די קרבנות, וואס זענען אומגעקומען אין שאול תחתיה, קומען ארויס פון אונזערע שטעדטלעך — בענדין, סאסנאוויץ, קיעלץ, טשענסטאחאוו וכו' וכו'. מיר מוזען צוזאמען נעהמען אלע אונזערע כחות, מיר אלע, רבנים און דאקטוירים, גבירים און ארעמע לייט, פרומע און אויפגעקלערטע, ווייבער און מענער, מוזען זיך אנידער שטעלען ווי איין מענש פאר דעם שאול תחתיה און נישט צו לאזען קיין נייע קרבנות. גענוג האט ער שוין איינגעשלונגען! גענוג אומגליקען האט ער שוין געבראכט, גענוג אומשולדיג בלוט האט זיך דארט פערגאסען, גענוג חרפות און בושות

האבען זיך פון איהם פערשפרייט אויף אונזער גאנץ פאלק! גענוג. גענוג גענוג!

אט די פראגע בעהאנדעלט ה׳ פויזנערס בראשורע, יעדעס ווארט איז דארט געשריבען מיט בלוט און טרעהרען. לייענט זי, און דאס הארץ וועט אייך אזוי וועה טהון ווי מיר, און איהר וועט אייך אויך אזוי שעמען ווי איך.

וואַרשא, ד״ר ז. ביחאווסקי.

# פאלקס געזונדהייט.

## אנשטעקענדע קראנקהייטען.

די שאלה, ווי מען היט זיך אב פון אנשטעקענדיגע קראנקהייטען, האט מען שוין נישט איינמאל געפרעגט. די דאקטוירים זענען דערמיט שוין פון לאנג שטארק פעראינטערעסירט און וועלען נאך אלאנגע צייט זיך דערמיט אינטערעסירען. וויפיעל טויזענדע מוטערס בעגיסען זיך מיט הייסע טרערען דערמאנענדיג, די יונגע קינדער, וואס די אכזרי׳שע קראנקהייטען: דיפטעריט, סקארלא־טין, מאזלען און אנדערע האבען ביי זיי ארויס געריסען. עס איז כמעט נישט דא איין פאמיליע, וואס דאט נישט שווער געליטען פון די דאזיגע קראנקהייטען. מיר וועלען דא ברענגען א סטאטיסטיק נאר פון איין שטאדט, פון פעטערסבורג, די הויפטשטאדט פון רוסלאנד. פון דער סטאטיסטיק זעהט מען ווי אונגעהייער גרויס עס איז די צאהל פון די נפשות, וואס געהען אוועק פון דער וועלט פאר דער צייט. אין פעטערסבורג אליין שטארבען אויס יעדעס יאהר פון סקארלאטען 50 ביז 200 קליינע קינדער (דאס ווענדט זיך לויט די שטארקייט פון דער מגפה). פון מאזלען שטארבען אויס 400 ביז 1100, פון דיפטעריט און קרופ ארום 800, פון קאקלאש (קייך־הוסט) מעהר אלס 500, פון טיפוס 550. אין די לעצטע 10 יאהר, פון 1885 ביז 1895, זענען אין פעטערסבורג אויסגעשטארבען 139080 קינדער אין דעם עלטער פון 1 ביז 15 יאהר; דערפון זענען 38.875, דאס הייסט עפיס ווייניגער פון א דריטעל געשטארבען פון אנשטעקענדע קראנקהייטען. ווען מיר זאלען רעכענען, אז פון אלע אנשטעקענדע קראנקהייטען שטארבען נאר 10 פראצענט, וואס דאס איז שוין די קלענסטע צאהל, וועט אויסמאכען, אז במשך א יאהר ליידען איין ערך פון 40 טויזענד קינדער אויף שווערע אנשטעקענדע קראנקהייטען. 40 טויזענד נפשות, א רעכט גרויסע שטאדט אויף דער פראווינץ, האט דאך נישט מעהר איינוואהנער פון דעם! ווער עס בערעכענט די יסורים און צער, וואס די טויזענדער ארעמע, קראנקע קינדער געבעך, טראגען דורך, וועט מודה זיין, אז די פראגע וועגען אנשטעקענדיגע קראנקהייטען איז זעהר וויכטיג און מען דארף זיך דערמיט שטארק אינטערעסירען. ווען מיר זאלען אננעהמען, אז דאס היילען פון יעדעס קינד קאסט ווי 5 רובל, מאכט דאך אויך אויס, אז פעטערסבורג ווערט אן דורך די אנשטעקענדיגע קראנקהייטען א סומע פון 200,000 רובל א יאהר.

נאר נישט אזוי לייכט לאזט זיך ענטפערען אויף די דאזיגע פראגע. אמת, די געלעהרנטע האבען, נאך א סך חקירות ודרישות ארויס געפונען די הויפט־סבות פון מעהרערע אנשטעקענדיגע קראנק־הייטען; אזוי, למשל, ווייסט מען שוין אויך זיכער, אז א סך ווערען קראנק פון בויך־טיפוס פון דעם נישט געקאכטען וואסער, וואס זיי טרינקען, א סוכאטע און דיפטעריט קען מען בעקומען, אז מען טרינקט די מילך פון א בהמה וואס איז קראנק אויף די דאזיגע קראנקהייטען. עס זענען אבער דא נאך א סך וועגען, דורך וועלכע די קראנקהייטען גנב׳ענען זיך אריין ביי אונזערע קינדער, אזוינע וועגען, וואס מיר קענען עס גאר נישט פיהלען, נישט בעמערקען, ווייל מיר האבען נישט דערצו די חושים, מיט וועלכע מען קאן די דאזיגע וועגען ארויסגעפינען קראנק צו ווערען איז גענוג, אז א געזונד קינד זאל זיין צוזאמען מיט א קינד, וואס איז נאך נישט עפענטליך קראנק, נאר עס איז שוין אנגעשטעקט, אדער ווען עס זאל זיך טרעפען אין גאס מיט א מענשען, וואס איז אקארשט ארויסגעגאנגען פון א שטוב, וואס דארטען געפינט זיך איין אנשטעקענדיגער קראנקער, אדער עס קאן די קראנקהייט איין אטהעמען, ארונטער שלינגען אדער גלאט אזוי אריינקומען דורך א צעריצטען ארט פון קערפער. עס איז דעריבער א גרויסער ספק אויב עס וועט אמאל די מענשען געראטען זיך אבצוהיטען פון די דאזיגע קראנקהייטען. דאס דארף אונז אבער נישט אבהאלטען, נאר אדרבא דאס דארף אונז אויפמונטערען מלחמה צו האלטען מיט אלע אונזערע כחות קעגען דעם שרעקליכען שונא, וואס לאקערט אויף אונזער גע־זונדהייט, אנצווענדען אלע מיטעל צו פערטרייבען אלע סבות פון די דאזיגע קראנקהייטען.

(ענדע קומט).

ש — נ.

# לִיטעראטור און קונסט

הפדגוג. ירחון לחנוך והוראה בעד הורים ומורים. המו״ל: הוצאת „תושיה״ ורשה. העורכים: א״ל בן־אביגדור וש״ל גרדון. חוברת א׳ חשון תרס״ג.

(דער פעדאגאג א מאנאטס־זשורנאל פאר ערציעהונג און אונטערריכט פאר עלטערען און לעהרער. די הערויסגעבער: פערלאג תושיה אין וואַרשא. די רעדאקטארען: א. ל. בן אביגדור און ש. ל. גארדאן).

אין דעם דאזיגען זשורנאל געפינען זיך פערשיעדענע מאמרים פון דעם רעדאקטאר ה׳ גארדאן, נח פינס, שמואל ראזענפעלד און נאך אנדערע.

אזא זשורנאל איז אין העבראיש נאך נישט געוועזען און מיר עמפפעלען אונזערע לעזער, וועלכע אינטערעסירען זיך מיט דער פע־דאגאגישער פראגע ביי יודען, זיך אויף דעם זשורנאל צו אבאנירען, דען ער בעהאנדעלט די פראגע זעהר ערנסט און מאכט דעם לעזער בע־קאנט מיט פיעל זאכען, וואס ער האט ביז איצט נישט געוואוסט.

— ווי מיר האבען געהערט, פערלאזט פון ניי־יאהר, 1903 ה׳ אשר גינצבורג (אחד העם) די רעדאקציאן פון דעם העבראישען מאנאטליכען זשורנאל „השלח״ און זיין שטעלע נעמט איבער ד״ר יוסף קלויזנער.

— דער יודישער מאלער יוסף איזראעלס אויס אמסטערדאם (האלאנד) איז אויסגעוועהלט געווארען אין דער פאריזער אקאדעמיע אנשטאט דעם פערשטארבענעם יודישען סקולפטאר מרדכי אנטאקאלסקי.

— דער בעוואוסטער רוסישער ביכער פערלאג „Знаніе“ גיעהט איבער צו דעם בעוואוסטען רוסישען שריפטשטעלער מאקסים גארקי. די ווערק פון ה׳ גארקי זענען שוין איבערגעדרוקט צום פיערטען מאל און עס זענען שוין פערקויפט געווארען 150.000 עקזעמפלארע.

— די פאריזער אקאדעמיע פאר שענע ליטעראטור, האט דעם

ראבינער ישראל לוי אוים פאריז, געגעבען די פרעמיע, וואס איז בעשטימט געוועזען פאר דאס בעסטע בוך וואס מען וועט אנשרייבען אין די אריענטאלישע וויסענשאפטען פאר דעם ספר בן סירא, וואס ער האט ארויס געגעבען.

---

# יודישע פרויענוועלט

## I. אלגעמיינע נייעס.

— דער רוסישער מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג וועט קירצליך פארטראגען א פראיעקט פאר דער רעגירונגס־ראט, אז מען זאל דעם מעדעצינישען אינסטיטוט פאר פרויען געבען די אייגענע רעכט וואס אלע מעדעצינישע פאקולטעטען האבען.

— דער פרויענבונד, וועלכער איז נישט לאנג אין בולגאריע געווארען האט שוין זיין אייגענעם בלאט, עס הייסט „זשענסקי גלאס".

— אין בודאפעסט האט די פערוואלטונג פון א שול איינגערייכט א בקשה צום מאגיסטראט, ער זאל די לעהרערינען פערביטען צו טראגען קליידער מיט שלעפעס, ווייל דער שטויב וואס ווערד פון די שלעפעס שאדעט פאר די געזונדהייט פון די שילערינען.

— די פרוי פון דעם רוסישען אפיציער ביקאוו אין קיעוו האט בעקומען די ערלויבניש ארויסצוגעבען אונטער איהר רעדאקציע א פרויען־צייטונג פאר מאדעס.

## II. יודישע נייעס.

— אין לאנדאן האט מען נישט לאנג געגרינדעט א קלוב פאר יודישע מיידלעך. אין דעם דאזיגען קלוב וועלען די יודישע מיידלעך צוברענגען די פרייע צייט מיט אונטערהאלטונגען, זינגען און ביכער לעזען.

— דער קוראטאר פון אדעסאער לעהר־קאמיסיאן האט ערלויבט דער פרוי רובענראט צו עפענען איין אבענד־שולע פאר מיידלעך.

— אין די 213 עפענטליכע העכערע־שולען פאר מיידלעך אין פרייסען זענען אין יאהר 1901 געוועזען 6489 יודישע שילערינען.

— אין ווארשא האבען היינטיגעס יאהר אין 4 טען גימנאזיום פאר מיידלעך געענדיגט 84 שילערינען דאס גימנאזיום, דערפון האבען 3 בעקומען פרעמיעס און 5 „פאחוואלנע ליסטען"; אלע 8 שילערינען זענען יודישע.

— פרוי סאלאמע גינצבורג אין בערלין האט צו איהר 70 יעהריגען געבורטסטאג צעטהיילט 10,000 מארק אויף יודישע צדקות.

---

# ליבען און לעבען.

ג. *)

די פילאזאפען בעווייזען מיט פיעל ראיות, אז די שטארקע, אלמעכטיגע קראפט, געגען וועלכער מיר זענען ניט אימשטאנד צו קעמפען, די ליבע, וואס ציהט אנאנדער צוויי פערזאנען פון געגענגעשלעכטער (מענליכער און ווייבליכער), איז א לעבעסווילען פון דעם גאנצען מענשליכען געשלעכט, א ווילען פון דער נאטור, וועלכער ווערד ערפילט אין דעם בעשעפעניש וואס מוז געבוירען ווערען.

כדי גענויער צו פערשטעהן די ווערטער מוז איך דא ערקלערן דער לעזערין, אז יעדער מענש געהער ערשטענס צו דער גאנצער מענשהייט און דערנאך צו זיך אליין. אבער אין יעדען מענשען ליגט טיעף איינגעווארצעלט עגאיזם, אייגענליבע, ער טהוט אלעס ניבי־טא פאר זיך, נאר אין די מעשים, וואס איהם דאכט זיך, אז ער טהוט פאר זיך אליין, זענען דא פיעל אזאלכע, וואס אין אמת אריין טהוט ער זיי פאר דער גאנצער מענשהייט. דאס רופט מען „אינסטינקט". די ליבע איז אויך איינס פון יענע מעשים, וואס דער מענש מיינט, אז ער טהוט דאס פאר זיין טובה וועגען, אבער אין אמת אריין טהוט ער נאר דעם ווילען פון דער גאנצער מענשהייט. דאס רופען די פילאזאפען מיט דעם נאמען לעבענס־ווילען פאר דער מענשהייט. א ווילען צו דערהאלטען די עקזיסטענץ, דאס דא־זיין פון דער מענשהייט.

אלס אמת'ער אנפאנג פון דעם לעבען פאר דעם קינפטיגען בעשעפעניש קאן מען רעכענען די רגע, אין וועלכער די עלטערן האבען אנגעהויבען זיך צו ליבען. דעם אויגענבליק, אין וועלכען זיי האבען דאס ערשטע מאל ליידענשאפטליך געווארפען זייערע בליקען אויף איין אנדער. דאמאלס האט זיך שוין אנגעהויבען צו בעשאפען דאס נייע בעשעפעניש אין דעם געדאנק. אויף פילאזאפיש לשון הייסט דאס אזוי: דאס נייע בעשעפעניש, וואס זאל געבארען ווערען פון דער ליבע, איז די אידעע, וואס שטרעבט מיט די שטארקסטע קרעפטען זיך צו פערווירקליכען. דיזער לעבענס־ווילען איז די אורזאכע פון דער ליידענשאפטליכער ליבע.

אויבוואהל די ליבע איז אימער די זעלבע, האט זי יעדאך איהרע שטופען, הויכע און נידריגע, און די צוויי עקסטע פון זיי (די נידריגסטע און די העכסטע) וועלען הייסען: קערפערליכע און אידעאלישע. יעדע ליבע האט איהרע מאטיווען, דאס הייסט ווען איין פערזאן פערליבט זיך אין א צווייטען פערזאן פון דעם געגענגעשלעכט האט זי דערצו געוויסע טעמים, פאר וואס זי איז פערליבט? וואס זי האט געפינען אין יענער פערזאן מעהר ווי ביי אנדערע פערזאנען? דאס רופט מען מאטיוועך, און לויט די מאטיווען וועט די ליבע זיין נידריג אדער הויך. די קערפערליכע ליבע האט איהרע מאטיווען: די געזונדהייט, די קראפט, די שענהייט און אין אלגעמיין די יוגענד. דאס זענען די ערשטע בעדינגונגען פון דער ליבע, ווייל דער לעבענס־ווילען פון דער מענשהייט זוכט ערשטענס די בעדינגונגען צו דערהאלטען דעם מענש אויף דער וועלט אין זיין יעצטיגען געשטאלט, געזונד, שטארק און שען. דערנאך וואס העכער די ליבע געהט ביז צו איהרער העכסטער שטופע, ביז צו דער אידעאלישער ליבע ווערען בענוצט וואס א מאל נייע מאטיווען, שפעציעלע אייגענשאפטען, וואס דער פערליבטער געפינט אין דער געליבטער פערזאן. די ליבע איז מעהר אדער ווייניגער ענטשפרעכענד צו ערפילען דעם וואונש פון דעם פערליבטען.

וועגען די מאטיווען פון יעדע ליבע וועלען מיר רעדען פאדראבנע גאנץ בעזונדער אין דעם קינפטיגען קאפיטעל, וואו מיר וועלען זיי ערקלערען אלס בעווייז דארויף, אז די ליבע איז א לעבענס־ווילען פון דער מענשהייט. יעצט וועלען מיר זיך בעגנוגען מיט איניגע ווערטער וועגען די מאטיווען אין אלגעמיין.

לויט ווי מיר האבען שוין איינמאל געזאגט, בענוצט זיך די

*) זעה פרויען־וועלט נומער 25

נאטור מיט א פארטעל ליעב צו מאכען איין פערזאן פאר דער צווייטען, כדי צו ערדרייכען איהר צוועק, צו ברענגען אויף דער וועלט א נייע בריאה. יעצט וועט די זאך בעסער ערקלערט ווערען:

דער עגאיזם, וואס ליגט טיעף אין יעדען מענשען, נייגט איהם אימער צו טהון נאר פאר זיך און ביי דער העכסטער אינטעליגענץ, ביי דעם גרעסטען פערשטאנד און קליגשאפט הערט דער מענש ניט אויף צו זיין פריהער א מענש פאר זיך און דערנאך פאר דער גאנצער מענשהייט. און אזוי ווי די ליבע איז אין גאנצען א לעבענס־ווילען פאר דער מענשהייט, מוז זי האבען מאטיווען וועלכע בעריהרען דעם עגאיזם, עס מוז זיך דעם פערליבטען דאכטען אז ער געפינט אין דער געליבטען פערזאן עטוואס בעזונדערעס פאר זיין גליק, פאר זיין אייגענעם לעבען, און נאר אזויערנאך פיהרט די נאטור אויס איהר פלאן.

דאס פארטעל פון דער נאטור וועט הייסען אויף פילאזאפיש לשון אינערליכער אינסטינקט. אונז איז געוועהנליך בעקאנט דער אייסערליכער אינסטינקט ביי אנדערע בעשעפענישען, און עס איז אנגענומען אז דער מענש האט ניט קיין אינסטינקט, ער טהוט אלעס בערעכענט מיט געוויסע מאטיווען, אויסער וואס מען זעהט ביי זייגעדיגע קינדער זיי זוכען די ברוסט ביי דער מוטער צו זייגען; אבער אין אמת אריין האט דער מענש אויך אינסטינקט. און דיעזער איז אינערליך. די מאטיווען דערביי זענען ניט מעהר ווי א פארטעל פון דער נאטור. דער ווארם זוכט מיט דער גרעסטער מיהע און פלייסיגקייט און שטעלט איין זיין לעבען צו געפינען א זיכער ארט, וואו צו לעגען זיינע אייער. דאס זעלבע טהוט דער מענש ביי דעם זוכען פון זיין פאר מיט די ענטשפרעכענדע אייגענשאפטען. דערביי זעהען מיר, אז דער מאנספערשוין צילט צו דעם נאטור'ס צוועק מיט אזא אייפער, מיט אזא פלייס, אז ער קוקט גאר ניט דארויף וואס זיין פערשטאנד דיקטירט איהם, ער פערבינדעט זיך אוים ליבע אהן שום בערעכנונג, ער פערלירט דערביי פערמעגען, עהרע, אלעס טהייערסטע אין דער וועלט און מאנכעס מאל אויך דאס לעבען.

א שאד וואס מיר קענען זיך ניט פערשטענדיגען מיט יענעם ווארם, וואס שטעלט איין דאס לעבען פאר די אייער וואס ער לעגט, און מיר קענען ניט וויסען וואס פאר מאטיווען ער האט דערביי, מיר רופען דאס אן מיט דעם נאמען אינסטינקט, ווערענד ביי מענשען ווייסען מיר די מאטיווען און דעריבער רופען מיר עס גישט מיט דעם רעכטען נאמען — אינערליכער אינסטינקט אדער בלינדע נייגונג.

ווען ניט דער אינסטינקט, די בלינדע נייגונג, וואלט דער מענש אלס פערשטענדליכע בריאה, אלס פערנונפטיג בעשעפעניש קיין מאל ניט געוואלט דינען צום נוצען פאר די מענשהייט מיט אייגענעם שאדען, און כדי איהם צו פערבלענדען די אויגען האט איהם די נאטור געגעבען די מאסקע פון אייגענעם פערגניגען, ער זאל טהון ניבי־טא פאר זיין אייגענעם נוצען, ער זאל ערפילען די נאטור'ס צוועק פון

ליבען און לעבען.

דאדורך ווערד אונז ערקלעהרט די מערקווירדיגע ערשיינונג, אז כמעט יעדער פערליבטער, נאכדעם ווי ער האט זיין ציל ערדרייכט, געפינט ער זיך ווי ענטטיישט, ער וואונדערט זיך דארויף, וואס זיינע האפנונגען זענען נור טהיילווייז פערווירקליכט געווארען; ער האט זיך פארגעשטעלט גילדענע בערג און עס הייבט זיך ניט אן. דארויף זאגט זיך א וויץ, אז ליבע איז גלייך צו קדחת, נאר מיט דעם אונטערשיד, אז דאס צווייטע הייבט אן מיט קעלט און ענדיגט מיט היץ און דאס ערשטע פארקעהרט.

ביי דער געלעגענהייט נאך א זאך: דער אונטערשיד צווישען דער ליעבע פון דעם מאנספערשוין צו דעם פרויענצימער און צווישען דער ליבע פון פרויענצימער צום מאנספערשוין. פאר אלעם איז צו בעמערקען, אז די ליבע ביי דעם מאנספערשוין איז ניט אימער אזוי פעסט ווי ביי דעם פרויענצימער. די ליבע ביי דעם מאנספערשוין ווערד שוואכער פון דער מינוט וואס דער וואונש איז ערפילט געווארען; פון יענער מינוט אן געפעלט דעם מאנספערשוין יעדעם אנדערע יונגעם פרויענצימער בעסער ווי זיין אייגענע פרוי. דאגעגען די ליבע פון דער פרוי צו איהר מאן ווערד וואס א טאג שטארקער און ווער שמועסט נאך ווען זי איז שוואנגער געווארען. דיזע ערשיינונג קאן ערקלערט ווערען נאר אויף דעם אופן: דער נאטור'ס צוועק איז צו דערהאלטען דאס געשלעכט און וואס מעהר עס צו פערברייטען, רייך צו מאכען מיט בעשעפענישען. צו דיזעם צוועק קאן איין מאנספערשוין זעהר לייכט אין פערלויף פון איין יאהר ווערען א פאטער פון הונדערט קינדער, נאטירליך ווען ער בעזיצט אזוי פיעל ווייבער, ווערענד די פרוי קאן אין דער זעלבער צייט נאר איין מאל געבערען.

דעריבער זוכען די מענער פיעל פרויען, און די פרוי ווערד צוגעבונדען צו איין מאן, זי זעהט אין איהם א ברויטגעבער און בעשיצער פאר דעם קינפטיגען קינד, דעריבער איז די טרייהייט פון א מאן עטוואס קינסטליכעס, ווערענד די טרייהייט פון דער פרוי איז א נאטירליכע זאך; און דעריבער איז אויך די אונטרייהייט פון דער פרוי שטראפווירדיג מעהר ווי די אונטרייהייט פון דעם מאן.

מיכל וועבער.

---


| | | |
|---|---|---|
| רעדאקטארען | מ. ספעקטאר. | פערלאג |
| | ד"ר ה. ד. הורוויץ. | „פאלקס־בילדונג". |


---

מיט היינטיגער נומער שיקען מיר אונזערע אבאנענטען דאס פאדערבלאט מיט דעם אינהאלט־פערצייכניס פון די „פרויענוועלט" פון פאריגען יאהר.

די אדמיניסטראציאן.



Herausgeber Verlag»Volksbildung». VerantwortlicherRedacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v .S.L. Deutscher Podgórzeb. Krakau.

# הזמן

מכ״ע יוצא לאור בפטרבורג פעמים בשבוע **עם ארבעה מאספים בשנה** לכל עניני העם העברי בפרט ולעניני מדינה מדע וספרות בכלל.

## בהשתתפות הד״ר י״ל קאצענעלסאן.

לע״ע הבטיחו לקחת חלק ב„הזמן“ הסופרים האלה:

ד״ר מ. א. אייזענשטאדט, יעקב איזראעלסאן, ר. ברײנין, ב. בראנדט, פ. געץ, ברון דוד גינצבורג, ד״ר א. א. הרכבי, יוסף אליהו טריוויש, ד״ר יצחק טובים, זאב יעבץ, דוד כהנא, מרדכי בן הלל הכהן, א. ל. לעווינסקי, ל. לעווין, יעקב מזא״ה, ד. מגיד, ד״ר י. מרגלין, א. נאמבערג, שלום הלוי עפשטיין, י״ל פרץ, ד. פרישמאן, ג. פערעפערקאוויץ, ד״ר ש. פאזנאנסקי, צ״ה פרילוצקי, ש״ל ציטראן, ד״ר ל. קאנטאר, ש. ראזענפעלד, רב-צעיר, בער ראטנער, ש. פ. ראבינאוויץ (שפ״ר), א. שולמאן, י. שטיינבערג.

בהמודעה הבאה נפרסם את שמות יתר הסופרים אשר יקחו חלק ב„הזמן“.

המחיר לשנה — ששה רו״כ, להצי שנה — שלשה רו״כ, לרבע שנה — רו״כ א׳ והצי.

**הגליון הראשון יצא עוד בחדש דעצעמבער וישולח לכל דורשיו חנם אין כסף**

העורך והמו״ל **בן־ציון כ״ץ.** המו״ל **מרדכי יפה.**

הכתבת: **Редакція газеты „ГАЗМОНЪ“, С-Петербургъ, Екатерининскій каналъ 68.**

Тип. Гальтеръ и Ко., Варшава Налевки 7, для „Бетъ-Израиль". Druck Halter & Co., Warschau Nalewki 7, für „Beth-Israel".